# ערנעסט · העמינגוועי

# דער אַלטער און דער ים



ייִדיש פֿון ה. שמיקער

אילוסטרירט פֿון באַסקין

ענגלישער טיטל
*THE OLD MAN AND THE SEA*
אַרויס אין פֿאַרלאַג:
CHARLES SCRIBNER'S SONS, NEW YORK

די איינציקע אויטאָריזירטע ייִדישע איבערזעצונג
פֿונעם ענגלישן אָריגינאַל — מאיר שטיקער

אילוסטרירט פֿון ל. באַסקין

דאָס בוך איז געדרוקט אין 1105 עקזעמפּלאַרן

סדר פֿון זאַץ און אײַנבונד — ישׂראל לאָנדאָן

*Published by*

DER KVAL, I. LONDON, *Publisher,* NEW YORK, N. Y., U.S.A.

---

MANUFACTURED IN THE UNITED STATES OF AMERICA
BY MARSTIN PRESS, INC., NEW YORK

פֿאַר דעם בוך

האָט ערנעסט העמינגוועי באַקומען דעם נאָבעל־פּרײַז

פֿאַר ליטעראַטור 1954




תשי״ח — ניו־יאָרק — 1958




ר איז געווען אַן אַלטער מאַן, וואָס האָט איינער אַליין געכאַפּט פֿיש אין אַ קליין זעגלשיפֿל אין גאָלף־שטראָם. פֿיר און אַכציק טעג זענען אָפּגעלאָפֿן און ער האָט קיין איין פֿיש ניט געכאַפּט. די ערשטע פֿערציק טעג האָט ער געהאַט אַ יינגל מיט זיך, נאָר ווען די פֿערציק טעג זענען אַריבער און ער האָט קיין פֿיש ניט געכאַפּט, האָבן די עלטערן פֿון יינגל געזאָגט, אַז דער אַלטער איז אויסגעשפּילט — "סאַלאַאָ" — וואָס דער טײַטש דערפֿון איז, אַז דאָס מזל האָט זיך פֿון אים אויף שטענדיק אָפּגעטאָן. זיי האָבן געצוווּנגען דאָס יינגל, ער זאָל ווערן אַן אַרויסהעלפֿער אויף אַן אַנדערער שיף, וווּ מען האָט אין דער ערשטער וואָך געכאַפּט דרײַ גרויסע פֿיש. דאָס יינגל איז געווען דערשלאָגן און טרויעריק, ווען ער האָט געזען, ווי דער אַלטער קומט אַרײַן יעדן טאָג מיט אַ ליידיק שיפֿל און ער איז אים שטענדיק געגאַנגען העלפֿן אַרויסטראָגן די צוזאַמענגעוויקלטע שטריק אָדער די קווערשטאַנגען און דעם האַרפּון מיטן זעגל, וואָס איז פֿאַרבונדן אַרום דעם מאַסט. דער זעגל

## ערנעסט
## העמינגוועי

איז געווען פֿאַרלאַטעט מיט מעלזעק. אַ צונויפֿגעוויקלטער האָט ער אויסגעזען ווי די פֿאָן פֿון אייביקער ירידה.

דער אַלטער איז געווען דין און אויסגעדאַרט, מיט טיפֿע קנייטשן אויפֿן האַלדז און נאַקן. די באַקן זענען געווען פֿול מיט ברוינע בלאָטערס און קרעפּסגעשווירן, וואָס קומען פֿון דער טראָפּישער זון. די בלאָטערס האָבן באַדעקט בײדע זײַטן פּנים ביז אַראָפּ צו צו און די הענט האָבן געהאַט טיפֿע שניטן פֿון שלעפּן די פֿיש מיט די האַרטע שטריק. קיין איין שניט איז ניט געווען קיין פֿרישער. זיי זענען געווען אַלט ווי אויסגעטריקנטע זומפּן אין אַ וויסטעניש.

אַלץ איז געווען אַלט, נאָר ניט די אויגן, וואָס זענען געווען פֿון זעלבן קאָליר ווי דער ים — פֿול מיט פֿרייד און אומבאַזיגט.

— סאַנטיאַגאָ — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט, ווען זיי זענען אַרויפֿגעקראָכן פֿון ברעג, פֿון וואַנען מען האָט אַרויפֿגעשלעפּט דאָס שיפֿל — איך בין שוין ווידער פֿרײַ און איך קאָן אײַך ווידער אַרויסהעלפֿן. מיר האָבן געמאַכט אַ ביסל געלט.

דער אַלטער האָט געהאַט אויסגעלערנט דאָס ייִנגל, ווי אַזוי מען כאַפּט פֿיש און דאָס ייִנגל האָט אים ליב געהאַט.

— ניין — האָט דער אַלטער געזאָגט — דו אַרבעטסט איצט אויף אַ מזלדיקער שיף. לאָז זי ניט איבער.

— איר געדענקט, ווען עס זענען אַוועק זיבן און אַכציק טעג און מיר האָבן ניט געכאַפּט קיין איין פֿיש און דערנאָך האָבן מיר יעדן טאָג געכאַפּט איין פֿיש גרעסער פֿון אַ צווייטן, אַזוי דרײַ וואָכן נאָך אַנאַנד ?

# דער אַלטער
# און
# דער ים

— איך געדענק — האָט דער אַלטער געזאָגט — איך ווייס, אַז דו האָסט מיך ניט איבערגעלאָזט, ווײַל דו האָסט אָנגעווירן דעם גלויבן אין מיר.

— דער טאַטע האָט מיך געצווונגען. איך בין אַ ייִנגל און איך מוז אים פֿאָלגן.

— איך ווייס — האָט דער אַלטער געזאָגט — אַזוי דאַרף זײַן. דאָס איז דער דרך־הטבֿע.

— ער גלייבט אין גאָרניט.

— ניין — האָט דער אַלטער געזאָגט — מיר אָבער גלייבן יאָ. וואָס זאָגסטו?

— יאָ — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט — מעג איך אײַך קויפֿן אַ ביר אויף דער טעראַסע? דערנאָך וועלן מיר אַהיימנעמען די זאַכן.

— פֿאַר וואָס ניט — האָט דער אַלטער געזאָגט — אַזוי פֿירט זיך צווישן פֿישערלײַט.

זיי זענען געזעסן אויף דער טעראַסע און אַ סך פֿישערלײַט האָבן חוזק געמאַכט פֿון אַלטן מאַן, נאָר ער איז ניט געווען בייז. אַנדערע, פֿון די עלטערע, האָבן געקוקט אויף אים און זיי זענען געווען טרויעריק. זיי האָבן עס אָבער ניט אַרויסגעוויזן און געשמועסט וועגן וואַסערשטראָם און די טיפֿענישן, ווו זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט זייערע שטריק, און פֿון גוטן וועטער, וואָס האַלט אָן שוין אַ לענגערע צײַט, און פֿון אַלץ וואָס לאָזט זיך. די פֿישערלײַט, וואָס זענען געווען מזלדיק יענעם טאָג, האָבן שוין געהאַט געטייט זייער פֿאַנג, אויסגעלייגט אים אין דער לענג איבער צוויי ברעטער און געטראָגן צום

ערנעסט
העמינגוועי

פֿישהויז, ווו זיי האָבן געוואַרט אויפֿן אײַזטראָק, וואָס וועט עס אָפּ־פֿירן צו דער פֿאַבריק אין האַוואַנע. די וואָס האָבן געכאַפּט הײַפֿיש האָבן געבראַכט זייער פֿאַנג אין דער גרויסער הײַפֿיש־בודע אויף דער אַנדערער זײַט ים־בוזעם. דאָרט האָט מען זיי אַרויפֿגעצויגן אויף אַ קלאָץ און אַ הייבראָד, אַרויסגענומען די לעבערס, אָפּגעשניטן די פֿלוספֿעדערן, אָפּגעשיילט די הויטן און צעשניטן דאָס פֿלייש אין פּאַסן צום אײַנזאַלצן.

ווען דער ווינט האָט געבלאָזן פֿון מזרח, האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ ריח איבערן האַפֿן פֿון דער הײַפֿיש־בודע; נאָר הײַנט האָט מען קוים געקענט שפּירן דעם ריח, ווײַל דער ווינט האָט זיך פֿאַרקירע־וועט צו צפֿון און ס׳איז געווען אָנגענעם און זוניק אויף דער טעראַסע.

— סאַנטיאַגאָ — האָט דאָס יִנגל געזאָגט.

— יאָ — האָט דער אַלטער געזאָגט. ער האָט געהאַלטן דאָס גלאָז אין דער האַנט און געטראַכט פֿון די אַלטע יאָרן, פֿון אַ מאָל.

— מעג איך אַרויסגיין אײַך קויפֿן סאַרדינקעס אויף מאָרגן?

— ניין. גיי בעסער שפּילן בייסבאָל. איך קאָן נאָך אַלץ רודערן און ראָגעליאָ וועט פֿאַרוואַרפֿן די נעץ.

— איך וויל אויך מיטגיין, אַפֿילו אויב ניט צו כאַפּן קיין פֿיש, נאָר אַרויסצוהעלפֿן מיט עפּעס אַנדערש.

— האָסט מיר געקויפֿט אַ ביר — האָט דער אַלטער געזאָגט — ביסט שוין אַ מאַן.

— ווי אַלט בין איך געווען, ווען איר האָט מיך צום ערשטן מאָל מיטגענומען אויף אַ שיפֿל?

# דער אַלטער
# און
# דער ים

— פֿינף יאָר. און דו ביסט שיִר ניט דערהרגעט געוואָרן, ווען איך האָב אַרײַנגעבראַכט דעם פֿיש צו שנעל און ער האָט שיִר ניט צעריסן דאָס שיפֿל אויף שטיקער. געדענקסט כאָטש?

— איך געדענק, ווי דער עק האָט געקלאַפּט און געפּאַטשט און זיך געוואָרפֿן און געמאַכט אַ גערודער. איך געדענק, ווי איר האָט מיך אַ וואָרף געטאָן אין אַ ווינקל, וווּ עס זענען געלעגן די צונויפֿגעקנוילטע נאַסע שטריק, און איך האָב געפֿילט, ווי די גאַנצע שיף ציטערט און וואַרפֿט זיך, און דאָס גערודער, ווען איר האָט אים געהאַקט, ווי מען האַקט אַ בוים, און געשפּירט דעם זיסן ריח פֿון בלוט.

— דו געדענקסט עס טאַקע אויף אַן אמת אָדער פֿון דעם וואָס איך האָב דיר דערציילט?

— איך געדענק אַלץ פֿון אָנהייב אָן, ווען מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל אַרויסגעלאָזט צוזאַמען כאַפּן פֿיש.

דער אַלטער האָט געקוקט אויף אים מיט זײַנע זונפֿאַרברוינטע אויגן פֿול מיט ליבשאַפֿט.

— ווען דו וואָלסט געווען מײַן ייִנגל, וואָלט איך אײַנגעשטעלט און דיך מיטגענומען — האָט דער אַלטער געזאָגט — נאָר דו ביסט דײַן טאַטנס און דײַן מאַמעס און דו ביסט איצט אויף אַ מזלדיקער שיף.

— זאָל איך גיין נאָך די סאַרדינען? איך ווייס וווּ צו קריגן ווערעם אויף צו כאַפּן פֿיש.

— ס'איז מיר נאָך איבערגעבליבן פֿון הײַנט. איך האָב זיי אַרײַנגעלייגט אין זאַלצקעסטל.

## ערנעסט
## העמינגוועי

— לאָזט מיך גיין קריגן פֿיר פֿרישע.

— נאָר איינע... — האָט דער אַלטער געזאָגט. ער האָט קיין מאָל ניט פֿאַרלוירן זײַן האָפֿענונג און זײַן בטחון. נאָר איצט האָט דאָס אים אויפֿגעפֿרישט ווי אַ פֿריש ווינטל.

— צוויי — האָט זיך דאָס ייִנגל געבעטן.

— צוויי — האָט דער אַלטער מסכּים געווען — ביסט זיכער, אַז דו האָסט זיי ניט געגנבֿעט ?

— כ׳וואָלט געגנבֿעט אויך — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט — נאָר דאָס מאָל האָב איך זיי געקויפֿט.

— אַ דאַנק ! — האָט דער אַלטער געזאָגט. ער איז געווען אַ צו פּראָסטער מענטש, ער זאָל זיך חידושן אויף זײַן אייגענער אונטער־טעניקייט. אָבער ער האָט געוווּסט, אַז ער פֿאַרמאָגט עס, אַז ער האָט ניט וואָס זיך צו שעמען דערמיט און אַז עס פֿאַרמינערט גאָרניט פֿון זײַן אמתן שטאָלץ.

— מאָרגן וועט זײַן אַ גוטער טאָג, מיט אַזאַ וואַסערשטראָם.

— ווּ וועט איר זיך אַרויסלאָזן ? — האָט דאָס ייִנגל געפֿרעגט.

— ווײַט אַרויס כּדי אַרײַנצוקומען, ווען דער ווינט בײַט זיך. כ׳וויל זיך נעמען אין וועג איידער ס׳ווערט ליכטיק.

—כ׳וועל זען, ער זאָל אויך ניט זײַן ווײַט אַוועק — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט — אַזוי אַז ווען איר וועט כאַפּן גאָר אַ גרויסן, זאָלן מיר אײַך קענען אַרויסהעלפֿן.

— ער האָט אָבער ניט ליב אַרויסצושווימען צו ווײַט.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

— ניין — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט — נאָר איך וועל זען עפּעס וואָס ער קען ניט זען — אַ פֿויגל בײַ דער אַרבעט — און אים מאַכן אַרויסשווימען נאָך דעלפֿינען.

— ער האָט טאַקע אַזאַ שלעכטע ראיה?

— ער איז כּמעט בלינד.

— מאָדנע — האָט דער אַלטער געזאָגט — ער האָט קיין מאָל ניט געכאַפּט קיין טשערעפּאַכעס. דאָס הרגעט אָוועק די אויגן.

— איר האָט אַ סך יאָרן געכאַפּט טשערעפּאַכעס בײַם מאָסקיטאָ־ברעג און דאָך האָט איר גוטע אויגן.

— איך בין אַ מאָדנער פּאַרשוין.

— זענט איר גענוג שטאַרק פֿאַר אמת גרויסע פֿיש?

— כ'מיין אַזוי. ס'זענען פֿאַראַן אַלערליי טריקס.

— לאָמיר אַהיימנעמען די זאַכן — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט — וועל איך קענען נעמען די נעץ פֿאַר די סאַרדינען.

זיי האָבן אַראָפּגענומען די שלעפּשטריק פֿון שיפֿל. דער אַלטער האָט געטראָגן דעם מאַסט אויף די פּלייצעס און דאָס ייִנגל — דאָס הילצערנע קעסטל מיט די צונויפֿגעקנוילטע ברוינע דראָטשטריק ווי אויך די קווערשטאַנגען און דעם האַרפּון מיט דער פּײַל. דאָס קעסטל מיט די ווערעם איז געשטאַנען אין הינטערשטן טייל פֿון שיפֿל, צוזאַמען מיט דער גראָבער פּאַלקע, וואָס מען האָט גענוצט בײַצוקומען די גרויסע פֿיש. קיינער וועט טאַקע ניט באַגנבֿענען דעם אַלטן, נאָר ס'איז בעסער אַהיימצונעמען דעם זעגל און די שטאַנגען, ווײַל דער טוי טוט זיי ניט קיין גוטס, און — כאָטש ער איז געווען זיכער, אַז

## ערנעסט
## העמינגווײ

קײנער פֿון די הײמישע װעט אים ניט באַגנבֿענען — האָט דער אַלטער געטראַכט, אַז אַ קװערשטאַנג און אַ האַרפּון װאַרפֿן זיך צו שטאַרק אין די אױגן און ס׳איז בעסער זײ ניט איבערצולאָזן אין שיפֿל.

זײ זענען בײדע אַװעק מיט דעם װעג צום אַלטנס שטיבל און אַרײַן דורך דער אָפֿענער טיר. דער אַלטער האָט אָנגעלענט דעם מאַסט מיטן פֿאַרװיקלטן זעגל אָן דער װאַנט און דאָס ייִנגל האָט אַװעקגעלײגט דאָס קעסטל מיט די אַנדערע זאַכן דערנעבן. דער מאַסט איז געװען די זעלבע לענג װי דאָס שטיבל, װאָס איז געװען געבױט פֿון דעם פּאַלמהאָלץ, װאָס מען רופֿט „גואַנאָ״. אינעװײניק איז געװען אַ בעט, אַ טישל, אײן בענקל און אַן אָפּגעזונדערט אָרט אױף דער ערד צו קאָכן אױף קױלן. אױף די ברױנע װענט פֿון די שטאַרקע גואַנאָברעטער, אַרױפֿגעקלאַפּט אײנס אױף דעם אַנדערן, זענען געהאָנגען קאָלירטע בילדער פֿון יעזוסן און פֿון דער הײליקער בתולה פֿון קאָברע — איבערבלײַבענישן פֿון דעם אַלטנס װײַב. אַ מאָל איז דאָ אױף דער װאַנט אױך געהאָנגען אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון זײַן װײַב, נאָר ער האָט זי אַראָפּגענומען, װײַל ער האָט זיך דערפֿילט זײער אײנזאַם יעדעס מאָל װען ער האָט געקוקט אױף דעם און איצט איז זי געלעגן אױף אַ פּאָליצע אין אַ װינקל אונטער זײַן רײן העמד.

— װאָס איז דאָ צו עסן? — האָט דאָס ייִנגל געפֿרעגט.

— אַ טאָפּ ברױנע רײַז מיט פֿיש. װילסט אַ ביסל?

— נײן. איכ׳ל עסן אין דער הײם. זאָל איך מאַכן פֿײַער?

— נײן. איך װעל עס שפּעטער אַלײן טאָן. אָדער אפֿשר װעל איך גאָר עסן קאַלטע רײַז.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

— מעג איך נעמען די נעץ?

— אַוודאי.

ס'איז גאָר אין גאַנצן ניט געווען אַזאַ זאַך ווי אַ נעץ און דאָס ייִנגל האָט נאָך גוט געדענקט, ווען זיי האָבן זי פֿאַרקויפֿט. נאָר יעדן טאָג האָבן זיי זיך אַזוי געשפּילט מיט די ווערטער. ס'איז אויך ניט געווען קיין טאָפּ רײַז, און דאָס ייִנגל האָט דאָס אויך געוווּסט.

— פֿינף און אַכציק איז אַ מזלדיקער נומער — האָט דער אַלטער געזאָגט — וואָס וואָלטסטו געזאָגט, ווען איך ברענג צוריק אַ חבֿרה־מאַן פֿון אַריבער טויזנט פֿונט?

— איכ'ל נעמען די נעץ און גיין נאָך די סאַרדינען. איר וועט זיך אַוועקזעצן אין דער זון אויף דער שוועל?

— יאָ. איך האָב די נעכטיקע צײַטונג און איך וועל לייענען וועגן בייסבאָל.

דאָס ייִנגל איז ניט געווען זיכער, צי די מעשׂה מיט דער נעכטיקער צײַטונג איז אויך ניט אַ טייל פֿון זעלביקן שפּיל, נאָר דער אַלטער האָט זי באַלד אַפּירגענומען פֿון אונטערן בעט.

— פּעריקאָ האָט זי מיר געגעבן אין דער באָדעגאַ — האָט דער אַלטער געזאָגט.

— איך וועל צוריקקומען מיט די סאַרדינען. איך וועל זיי אַרויפֿלייגן אויפֿן אײַז צוזאַמען מיט מײַנע און מיר'ן זיי עסן זאַלבע באַנד גאַנץ פֿרי. ווען איכ'ל צוריקקומען, וועט איר מיר דערציילן פֿון בייסבאָל.

— די "יענקיס" קענען ניט פֿאַרלירן.

ערנעסט
העמינגוועי

— איך האָב אָבער מורא פֿאַר די "אינדיענס" פֿון קליוולאַנד.

— קאָנסט זיך פֿאַרלאָזן אויף די "יענקיס", מײַן קינד. פֿאַרגעס ניט אין דעם גרויסן די־מאַדזשיאָ.

— און איך האָב מורא אי פֿאַר די "טאַיגערס" פֿון דעטראָיט, אי פֿאַר די "אינדיענס" פֿון קליוולאַנד.

— היט זיך, אַניט וועסטו נאָך מורא האָבן פֿאַר די "רעדס" פֿון סינ־סינאַטי און די "ווײַט סאָקס" פֿון שיקאַגאָ.

— לייענט דאָס אַלץ גוט אַדורך און דערציילט מיר וועגן דעם, ווען איכ'ל צוריקקומען.

— אפֿשר זאָלן מיר קויפֿן אַ לאָטעריע־צעטל מיט אַ פֿינפֿאונאַכ־ציקער? מאָרגן איז דער פֿינף און אַכציקסטער טאָג.

— פֿאַר וואָס ניט — האָט דאָס יינגל געזאָגט — נאָר וואָס איז מכוח די זיבן און אַכציק, ווען איר האָט געבראָכן דעם רעקאָרד?

— צוויי מאָל קען עס ניט פּאַסירן. קאָנסט געפֿינען אַ פֿינפֿאונ־אַכציקער?

— כ'קאָן באַשטעלן.

— איין צעטל. דאָס איז צוויי דאָלאַר פּופֿציק. בײַ וועמען קאָנען מיר באָרגן?

— דאָס איז גאָרניט. כ'קאָן אַלע מאָל קריגן געבאָרגט צוויי פּופֿציק.

— איך אפֿשר אויך. אָבער כ'באַמי זיך ניט צו באָרגן. הייבסט אָן מיט באָרגן און דערנאָך נעמסטו בעטלען.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

— זעט פֿאַרקילט אײַך ניט, אַלטיטשקער — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט — איר טאָרט ניט פֿאַרגעסן, אַז ס׳איז שוין סעפּטעמבער.

— סעפּטעמבער איז דער חודש פֿון די גרויסע פֿיש — האָט דער אַלטער געזאָגט — אין מײַ קאָן יעדער איינער זײַן אַ גוטער פֿישער.

— איך גיי נאָך די סאַרדינען.

ווען דאָס ייִנגל איז צוריקגעקומען, איז דער אַלטער געשלאָפֿן אויף דער שטול און די זון איז אונטערגעגאַנגען. דאָס ייִנגל האָט אַראָפּגענומען די אַלטע אַרמיי־דעקע פֿון בעט און זי אויסגעשפּרייט אויפֿן רוקן פֿון שטול און אויף דעם אַלטנס פּלייצעס. דאָס זענען געווען מאָדנע פּלייצעס — נאָך אַלץ קרעפֿטיקע, כאָטש זייער אַלט. דער נאַקן איז נאָך אַלץ געווען שטאַרק און די קנייטשן האָבן זיך ניט אַרויסגעזען אַזוי פֿיל בעת ער איז געשלאָפֿן און דער קאָפּ איז געווען אַראָפּגעלאָזט. דאָס העמד איז שוין געווען אַזוי אויסגעלאַטעט, אַז ס׳האָט אויסגעזען ענלעך צום זעגל פֿון שיפֿל, און די לאַטעס זענען געווען אָפּגעבלאַקירט פֿון דער זון. אָבער דער קאָפּ האָט אויסגעזען זייער אַלט און ווען די אויגן זענען געווען פֿאַרמאַכט, איז ניט געווען קיין סימן פֿון לעבן אויפֿן פּנים. די צײַטונג איז געלעגן אויסגעשפּרייט אויף די קני און דער אָרעם האָט ניט געלאָזט, אַז דער אָוונטווינט זאָל זי אַוועקבלאָזן. ער איז געווען באָרוועס.

דאָס ייִנגל האָט אים איבערגעלאָזט. און ווען ער איז צוריקגעקומען, איז דער אַלטער נאָך אַלץ געשלאָפֿן.

— שטייט אויף, אַלטיטשקער — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט און אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויפֿן אַלטנס קני.

ערנעסט
העמינגוועי

דער אַלטער האָט געעפֿנט די אויגן און אַ רגע זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך אומגעקערט פֿון עפּעס אַ ווײַטן, לאַנגן וועג. דערנאָך האָט ער אַ שמייכל געטאָן.

— וואָס האָסטו געבראַכט ? — האָט ער געפֿרעגט.

— נאַכטמאָל — האָט דאָס יינגל געזאָגט — מיר'ן עסן נאַכטמאָל.

— כ'בין ניט זייער הונגעריק.

— קומט עסן. מען קאָן ניט כאַפּן קיין פֿיש, אויב מען עסט ניט.

— איך האָב עס ניט איין מאָל געטאָן — האָט דער אַלטער געזאָגט, זיך אויפֿגעהויבן, גענומען די צײַטונג און זי צוזאַמענגעלייגט. דערנאָך האָט ער גענומען צונויפֿלייגן די דעקע.

— נעמט ניט אַראָפּ די דעקע — האָט דאָס יינגל געזאָגט — אַזוי לאַנג ווי איך לעב, וועט איר זיך ניט אַרויסלאָזן כאַפּן פֿיש ניט־געגעסענערהייט.

— אויב אַזוי, זאָלסטו לאַנג לעבן ! און גיב אַכטונג אויף זיך ! — האָט דער אַלטער געזאָגט — וואָס וועלן מיר עסן ?

— שוואַרצע פֿאַסאָליעס מיט רײַז, געפּרעגלטע באַנאַנעס און געדעמפּעכץ.

דאָס יינגל האָט דאָס אַלץ געבראַכט אין אַ מעטאַלענער פּושקע פֿון דער טעראַסע. די צוויי פּאָר מעסער, גאָפּל און לעפֿל האָט ער געהאַט אין קעשענע, אײַנגעוויקלט אין פּאַפּירענע סערוועטקעס.

— ווער האָט עס דיר אַלץ געגעבן ?

— מאַרטין, דער אייגנטימער.

— איכ'ל אים מוזן דאַנקען.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

— איך האָב אים שוין געדאַנקט — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט — איר דאַרפֿט אים מער ניט דאַנקען.

— איך וועל אים דערפֿאַר געבן דאָס בויכפֿלייש פֿון אַ גרויסן פֿיש

— האָט דער אַלטער געזאָגט — ס׳איז צום ערשטן מאָל, אַז ער טוט דאָס פֿאַר אונדז?

— ניין, נישט ס׳ערשטע מאָל.

— אויב אַזוי וועל איך אים מוזן געבן עפּעס מער ווי גלאַט דאָס בויכפֿלייש. ער האָט אונדז אין זינען.

— ער האָט מיר מיטגעגעבן צוויי פֿלעשער ביר.

— איך האָב ליבער דאָס ביר אין די קענדלעך.

— איך ווייס, אָבער דאָס איז אין פֿלעשלעך. איך וועל זיי אים מוזן צוריק ברענגען.

— זייער שיין פֿון דײַן זײַט — האָט דער אַלטער געזאָגט — הייבן מיר אָן עסן?

— מיר הייבן אָן — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט מיט איידלקייט. — איך האָב ניט געוואָלט עפֿענען די פּושקע, ביז איר זענט ניט גרייט.

— כ׳בין גרייט — האָט דער אַלטער געזאָגט — איך האָב זיך נאָר געוואָלט אַרומוואַשן.

ווו האָט ער זיך געוואַשן? — האָט דאָס ייִנגל געטראַכט. דאָס וואַסער אין שטעטל איז געווען ווײַט אַוועק. כ׳וועל אים מוזן ברענגען וואַסער דאָ אַהער, און אויך זייף און אַ גוטן האַנטעך. פֿאַר וואָס געדענק איך גאָרניט? כ׳מוז פֿאַר אים קריגן אַן אַנדער העמד און אַ רעקל פֿאַרן ווינטער און אַ פּאָר שיך און אַן אַנדערע דעקע.

ערנעסט
העמינגוועי

— דאָס געדעמפּעכץ איז גאָרניט שלעכט — האָט דער אַלטער געזאָגט.

— דערציילט מיר וועגן בייסבאָל — האָט זיך דאָס ייִנגל געבעטן.

— אין דער ״אַמעריקען ליג״ זענען די יענקיס אַלץ — האָט דער אַלטער געזאָגט, אַ צופרידענער.

— הײַנט האָבן זיי פאַרלוירן.

— דאָס איז גאָרניט. דער גרויסער די־מאַדזשיאָ איז שוין ווידער געקומען צו זיך.

— זיי האָבן אויך אַנדערע שפּילער.

— אַוודאי. נאָר ער איז דער עיקר. אין דער אַנדערער ״ליג״, צווישן ״ברוקלין״ און ״פילאַדעלפיע״, האַלט איך מיט ברוקלין. איך דערמאָן זיך אָבער באַלד אין דיק סיסלערן און אין זײַנע קונצשטיק אין אַלטן פּאַרק.

— אַזוינס איז נאָך קיין מאָל ניט געווען. קיינער קען ניט שיסן אַזוי ווײַט אַ באַל ווי ער.

— געדענקסט ווען ער פלעגט קומען אויף דער טעראַסע? איך האָב אים געוואָלט מיטנעמען כאַפּן פיש, נאָר איך האָב זיך געשעמט אים צו זאָגן. כ׳האָב געבעטן, דו זאָלסט אים זאָגן, נאָר דו ביסט געווען צו שעמעוודיק.

— איך ווייס. מיר האָבן געמאַכט אַ טעות. אפשר וואָלט ער געווען מיטגעגאַנגען מיט אונדז. מיר וואָלטן געהאַט וואָס צו געדענקען ס׳גאַנצע לעבן.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

— אוי, וואָלט איך געוואָלט מיטגעמען דעם גרויסן די־מאַדזשיאָ — האָט דער אַלטער געזאָגט. — מען זאָגט, אַז זײַן פֿאָטער איז געווען אַ פֿישער. ס׳קאָן זײַן, אַז ער איז געווען אַזאַ קבצן ווי מיר און ער וואָלט אַלץ פֿאַרשטאַנען.

— דעם גרויסן סיסלערס פֿאָטער איז ניט געווען קיין קבצן. ער אַליין האָט שוין געשפּילט אין די גרויסע „ליגס״, ווען ער איז געווען אין מײַן עלטער.

— ווען איך בין געווען אין דײַן עלטער, האָב איך געאַרבעט אויף אַ פּירקאַנטיקער שיף, וואָס האָט געזעגלט קיין אַפֿריקע און אין אָוונט האָב איך געזען לייבן בײַ די ברעגעס.

— כ׳ווייס. איר האָט מיר שוין דערציילט.

— וועגן וואָס זאָלן מיר רעדן? וועגן אַפֿריקע אָדער וועגן בייס־באָל?

— וועגן בייסבאָל — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט — דערציילט מיר וועגן גרויסן דזשאָן מעקגראָו.

— אין די אַלטע גוטע צײַטן פֿלעגט ער אויך קומען אויף דער טעראַסע. ער איז אָבער געווען אַ ווילדער און ס׳איז געווען שווער אויסצוקומען מיט אים, ווען ער האָט געטרונקען. ער האָט אויך געהאַט אין זינען פֿערדלעך, ניט ווייניקער ווי בייסבאָל. ער פֿלעגט מיט זיך שטענדיק אַרומטראָגן אין קעשענע גאַנצע ליסטעס מיט פֿערד און ניט איין מאָל האָב איך געהערט, ווי ער רעדט וועגן פֿערד אויפֿן טעלעפֿאָן.

— ער איז געווען אַ גרויסער מענעדזשער — האָט דאָס ייִנגל גע־זאָגט — מײַן טאַטע זאָגט, אַז ער איז געווען דער גרעסטער.

ערנעסט
העמינגוועי

— דאָס איז דערפֿאַר ווײַל ער פֿלעגט אָפֿט קומען אַהער — האָט דער אַלטער געזאָגט. — ווען דוראָשער וואָלט געקומען אַהער יעדעס יאָר, וואָלט דײַן טאַטע אים געהאַלטן פֿאַרן בעסטן מענעדזשער.

— ווער זשע איז אויף אַן אמת דער גרעסטער? לוקע אָדער מײַק גאָנזאַלעס?

— איך האַלט, זיי זענעןביידע גלײַך.

— און דער בעסטער פֿישער זענט איר.

— ניין, איך אַליין קען בעסערע פֿאַר מיר.

— ס'איז גאָרניט. ס'זענען דאָ גוטע און אפֿשר גרויסע פֿישער, אָבער אַזאַ ווי איר איז בלויז דאָ איינער אין דער וועלט.

— אַ דאַנק. פֿאַרשאַפֿסט מיר פֿאַרגעניגן. כ'האָף נאָר, אַז ס'וועט ניט אַ מאָל אונטערקומען אַזאַ פֿיש וואָס זאָל אונדז ווײַזן, אַז מיר זענען אומגערעכט.

— ס'איז גאָר ניטאָ אַזאַ פֿיש, אויב איר זענט טאַקע נאָך אַזוי שטאַרק ווי איר זאָגט.

— אפֿשר בין איך גאָרניט אַזוי שטאַרק ווי איך מיין — האָט דער אַלטער געזאָגט — נאָר איך קען גענוג טריקס און קאָן אויסהאַלטן.

— איר וואָלט זיך איצט באַדאַרפֿט אַ ביסל צולייגן, איר זאָלט זײַן פֿריש אין דער פֿרי. איך וועל צוריקטראָגן די זאַכן צו דער טעראַסע.

— נו, אַ גוטע נאַכט. איך וועל דיך אויפֿוועקן אין דער פֿרי.

— איר זענט מײַן וועקזייגער — האָט דאָס יינגל געזאָגט.

— און מײַן וועקזייגער איז די עלטער — האָט דער אַלטער גע־

# דער אַלטער
# און
# דער ים

ענטפֿערט. — פֿאַר וואָס שטייען אַלטע לײַט אויף אַזוי פֿרי? דער טאָג זאָל זײַן לענגער?

— כ׳ווייס ניט — האָט געזאָגט ס׳יִנגל — אַלץ וואָס כ׳ווייס איז, אַז יונגע יִנגלעך שלאָפֿן לאַנג און געשמאַק.

— כ׳געדענק עס — האָט דער אַלטער געזאָגט — איכ׳ל דיך אויפֿוועקן אין צײַט.

— כ׳וויל ניט, ער זאָל מיך אויפֿוועקן, גלײַך ווי כ׳וואָלט געווען אַ נישטיק באַשעפֿעניש.

— איך ווייס.

— שלאָפֿט זיך גוט אויס, אַלטיטשקער.

דאָס יִנגל איז אַרויסגעגאַנגען. זיי האָבן געגעסן אָן אַ ליכט אויפֿן טיש און דער אַלטער האָט אויסגעטאָן די הויזן און אַרײַן אין בעט אין דער פֿינצטער. ער האָט צונויפֿגעלייגט די הויזן ווי אַ קישן און אַרײַנגעלייגט צווישן די צײַטונגען. ער האָט זיך אײַנגעוויקלט אין דער דעקע און זיך אָנגעלייגט אויף די אַנדערע צײַטונגען וואָס האָבן פֿאַרדעקט די שפּרינגפֿעדערס פֿון בעט.

ער איז באַלד אַנטשלאָפֿן געוואָרן און געחלומט פֿון אַפֿריקע, ווען ער איז געווען אַ יִנגל, און פֿון די לאַנגע גאָלדענע זאַמדברעגעס, וואָס זענען געווען אַזוי ווײַס, אַז די אויגן האָבן אַזש ווי געטאָן, און פֿון די הויכע פֿעלדזן און פֿון די גרויסע ברוינע בערג. יעדן אויפֿדערנאַכט איז ער איצט געווען אויף יענעם ים־ברעג. אין חלום האָט ער געהערט, ווי די כוואַליעס רוישן, און געזען, ווי די קליינע נעגערשע שיפֿלעך שנײַדן די וואַסערן. אין שלאָף האָט ער געפֿילט דעם ריח

פֿון פּעך און צעפּוילטע שטריק און דעם ריח פֿון אַפֿריקע, וואָס דער פֿרימאָרגן־ווינט האָט געבראַכט.

געוויינטלעך, ווען ער האָט דערשמעקט דעם ווינט פֿון אַפֿריקע, האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט, זיך אָנגעטאָן און איז אַוועק אויפֿוועקן דאָס ייִנגל, נאָר הײַנט בײַ נאַכט איז דער ריח פֿון לאַנד געקומען גאָר פֿרי אין זײַן חלום. ער האָט עס געוווּסט און ער האָט ווײַטער געחלומט און געזען, ווי די ווײַסע שפּיצן פֿון די אינדזלען הייבן זיך אַרויס פֿון ים. דערנאָך האָט ער געחלומט פֿון די פֿאַרשידענע האַפֿנס און וואַ־סערוועגן אין די קאַנאַריען־אינדזלען.

ער האָט מער ניט געחלומט פֿון קיין שטורעמס אָדער פֿרויען אָדער גרויסע געשעענישן, פֿון גרויסע פֿיש, פֿון געשלעגן און גבֿורות. אַפֿילו דאָס ווײַב זײַנס האָט זיך אים מער ניט געחלומט. איצט האָט ער נאָר געחלומט פֿון אַלערליי מקומות און פֿון די לייבן אויף די ברעגעס. זיי האָבן זיך אַרומגעשפּילט ווי קעצלעך אין בין־השמשות און ער האָט זיי ליב געהאַט, ווי ער האָט ליב געהאַט דאָס ייִנגל. פֿון ייִנגל האָט זיך אים קיין מאָל ניט געחלומט. ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, אַרויסגעקוקט דורך דער אָפֿענער טיר אויף דער לבֿנה, אויפֿגעוויקלט די הויזן און זיי אָנגעטאָן. ער איז אַרויס אין דרויסן משתּין זײַן און איז געגאַנגען אויפֿוועקן דאָס ייִנגל. ס'האָט אים געשוידערט אין דער פֿרימאָרגנדיקער קרירה. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז פֿון דעם שוידערן וועט אים ווערן וואַרעם און אַז ער וועט באַלד זיצן אין שיפֿל און רודערן.

דאָרט וווּ דאָס ייִנגל האָט געוווינט איז די טיר ניט געווען פֿאַר־שלאָסן און ער האָט זי געעפֿנט און איז שטיל אַרײַן אַ באָרוועסער. דאָס ייִנגל איז געשלאָפֿן אויף אַן אויפֿשטעלבעטל אין שטוב און דער

# דער אַלטער
# און
# דער ים

אַלטער האָט אים געקענט קלאָר זען קעגן דער אָפּגייענדיקער לבֿנה. ער האָט אים לײַכט אָנגענומען בײַ אַ פֿוס און אים אַזוי געהאַלטן, ביז דאָס ייִנגל האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, זיך אויסגעדרייט און אים אָנגעקוקט. דער אַלטער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און דאָס ייִנגל האָט אַראָפּגענומען די הויזן פֿון בענקל לעבן בעט און — זיצנדיק אין בעט — זיי אַרויפֿגעצויגן אויף זיך.

דער אַלטער איז אַרויס אין דרויסן און דאָס ייִנגל איז אים נאָכגעגאַנגען אַ פֿאַרשלאָפֿענער. דער אַלטער האָט אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויפֿן ייִנגלס פּלייצע און געזאָגט:

— זײַ מיר מוחל, וואָס כ׳האָב דיך אויפֿגעוועקט.

— ס׳איז גאָרנישט — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט — אַז מען מוז, מוז מען.

זיי זענען געגאַנגען צום אַלטנס שטיבל און אויפֿן גאַנצן וועג זענען אין דער פֿינצטער געגאַנגען באָרוועסע פֿישער און געטראָגן די מאַסטן פֿון די שיפֿלעך.

ווען זיי זענען צוגעקומען צום אַלטנס שטיבל, האָט דאָס ייִנגל אַרויסגענומען די קנוילן שטריק פֿון קויש, דעם האַרפּון און די שפּיז און דער אַלטער האָט געטראָגן דעם מאַסט מיטן אַרומגעוויקלטן זעגל אויף די פּלייצעס.

— איר ווילט אפֿשר קאַווע? — האָט דאָס ייִנגל געפֿרעגט.

— לאָמיר קודם ברענגען די אַלע זאַכן צום שיפֿל, דערנאָך וועלן מיר טרינקען קאַווע.

ערנעסט
העמינגווער

זיי האָבן געטרונקען קאַווע פון אַ קענדל פאַר קאָנדענסירטער מילך אין אַ פלאַץ, וואָס האָט זיך געעפנט גאָר פרי, ספּעציעל פאַר פישערס.

— איר זענט עפעס גוט געשלאָפן, אַלטיטשקער? — האָט דאָס יינגל געפרעגט. ער האָט זיך ערשט איצט ריכטיק אויפגעוועקט, כאָטש ער האָט נאָך אַלץ ניט געקענט פאַרטרייבן דעם שלאָף.

— זייער גוט, מאַנאָלין — האָט דער אַלטער געזאָגט. — כ׳פיל זיך היינט האָפערדיק.

— איך אויך — האָט דאָס יינגל געזאָגט. — איצט מוז איך גיין נאָך די סאַרדינען און נאָך מיין און אייער פרישער פאַנגשפייז פאַר די פיש. אונדזערע זאַכן ברענגט ער אַליין. ער לאָזט קיינעם ניט טראָגן.

— מיר זענען אַנדערש, — האָט דער אַלטער געזאָגט — איך האָב דיך געלאָזט טראָגן, ווען דו ביסט נאָך אַלט געווען פינף יאָר.

— כ׳ווייס — האָט דאָס יינגל געזאָגט — איכ׳ל באַלד צוריקקומען. טרינקט נאָך אַ ביסל קאַווע. מיר האָבן דאָ קרעדיט.

ער איז געטראָטן אַ באָרוועסער אויף די קאָראַלענע שטיינער צום אייזשפייכלער, ווו מען האַלט שפייז פאַר די פיש.

דער אַלטער האָט פּאַמעלעך געטרונקען די קאַווע — די איינציקע שפייז זיינע אויפן גאַנצן טאָג, און דאָס האָט ער געמוזט האָבן. שוין אַ לאַנגע צייט, אַז דער ענין עסן האָט אים גענודעט און ער האָט קיין מאָל ניט מיטגענומען קיין עסן, אויסער דער פלאַש וואַסער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין בויגן פון שיפל. דאָס איז פאַר אים געווען גענוג אויפן גאַנצן טאָג.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

דאָס ייִנגל איז צוריקגעקומען מיט די סאַרדינען און דער שפּײַז פֿאַר די פֿיש, אײַנגעוויקלט אין צײַטונגס־פּאַפּיר, און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אויף דעם שטעג צום שיפֿל, שפּירנדיק די קיזלשטיינדלעך און דאָס זאַמד אונטער די פֿיס. זיי האָבן אויפֿגעהויבן דאָס שיפֿל און עס אַראָפּגעלאָזט אין וואַסער.

— זאָל זײַן מיט מזל, אַלטיטשקער.

— מיט מזל — האָט דער אַלטער געזאָגט. ער האָט אַרײַנגעפּאַסט די רימענס פֿון די רודערס אין די לעכער און אין דער פֿינצטער גענומען אַרויסרודערן פֿון האַפֿן. פֿון אַלע זײַטן האָבן אַנדערע שיפֿלעך זיך אויך אַרויסגעלאָזט אויפֿן ים, און דער אַלטער האָט געהערט דאָס געפּליוסק פֿון זייערע רודערס, כאָטש ער האָט זיי ניט געקענט זען, ווײַל די לבֿנה איז איצט געווען הינטער די בערג.

פֿון צײַט צו צײַט האָט זיך געהערט אַ קול פֿון איינעם פֿון די שיפֿלעך; נאָר פֿון די מערסטע שיפֿלעך האָט מען נאָר געהערט דאָס פּאַטשערײַ פֿון די רודערס. אַזוי גיך ווי זיי האָבן זיך באַפֿרײַט פֿון האַפֿנמויל, האָבן זיי זיך אויסגעשפּרייט, און יעדער באַזונדער האָט זיך אַרויסגעלאָזט צו יענעם טייל ים, וווּ ער האָט געהאָפֿט צו געפֿינען פֿיש. דער אַלטער האָט געוווּסט, אַז ער לאָזט זיך ווײַט און ער האָט איבערגעלאָזט דעם ריח פֿון לאַנד הינטער זיך און אַרײַנגערודערט אין ריינעם פֿרימאָרגן־ריח פֿון ים. ער האָט געקענט זען דעם פֿאָספֿאָרענעם אָפּשטראַל פֿון די גאָלף־געוויקסן אין וואַסער, בעת ער האָט צוגערודערט צו יענעם טייל ים, וואָס די פֿישערלײַט האָבן גערופֿן „דער גרויסער ברונעם“, ווײַל ס׳ווערט דאָרט מיט אַ מאָל זייער

## ערנעסט העמינגוועי

טיף און עס זאַמלען זיך צונויף פֿאַרשידענערליי פֿיש — צוליב דעם געווירבל, וואָס דער שטראָם האָט געמאַכט אויף די ווענט פֿון אָפּגרונט. עס זענען דאָ געווען אַן אַ שיעור קראַבן און לאָקערפֿישלעך און טינט־פֿיש, וואָס זענען אַרויפֿגעשווומען פֿון די טיפֿסטע לעכער צו דעם אייבערפֿלאַך און זענען דורך די נעכט פֿאַרצוקט געוואָרן פֿון אַרומ־וואַנדערנדיקע פֿיש.

אין דער פֿינצטער האָט דער אַלטער געקענט שפּירן, אַז עס וועט באַלד אָנהייבן צו שפּראָצן אויף טאָג און — רודערנדיק אַזוי — האָט ער געקענט הערן דעם ציטער־געברויש פֿון די פֿליפֿיש, וואָס זענען אַרויס פֿון וואַסער, און דאָס צישעניש פֿון זייערע שטײַפֿע נאַסע פֿליגל, וואָס האָבן אַוועקגעשוועבט אין דער פֿינצטערניש.

די פֿליִענדיקע פֿיש האָט ער זייער ליב געהאַט. זיי זענען געווען זײַנע בעסטע פֿרײַנד אויפֿן ים. ער האָט געהאַט רחמנות אויף די פֿייגל, מער ווי אַלץ אויף די קליינע דעליקאַטע ים־שוועלבעלעך, וואָס זענען שטענדיק אַרומגעפֿלויגן און געבישטערט און כמעט קיין מאָל גאָרניט געפֿונען, און ער האָט געטראַכט: "דאָס לעבן פֿון די פֿייגל איז נאָך ערגער ווי דאָס לעבן פֿון מענטשן, אַחוץ די רויבפֿייגל. פֿאַר וואָס האָט מען באַשאַפֿן אַזעלכע דעליקאַטע און צאַרטע פֿייגל ווי די ים־שוועלבעלעך, בעת דער ים קען זײַן אַזוי גרויזאַם? דער ים איז גוטהאַרציק און שיין, נאָר ער קאָן פּלוצעם ווערן אַזוי גרויזאַם, און די פֿייגעלעך וואָס פֿליִען און טונקען זיך אונטער און נישטערן און צוויטשערן מיט זייערע טרויעריקע שטימעלעך, זענען צו דעליקאַט פֿאַרן ים".

# דער אַלטער
# און
# דער ים

ער האָט שטענדיק געטראַכט פֿון ים בלשון נקבֿה „לאַ מאַר“, ווי עס רופֿן אים אויף שפּאַניש יענע וואָס האָבן אים ליב. טייל מאָל רעדט מען אויף אים שלעכטס, אָבער אויף דעם שטייגער גלײַך דער ים וואָלט געווען אַ פֿרוי. בײַ טייל פֿישערלײַט, די יונגע, יענע וואָס האָבן גענוצט באָיס פֿאַר זייערע שטריק און געהאַט מאָטאָרשיפֿלעך, וואָס זיי האָבן געקויפֿט, ווען די לעבערס פֿון הײַפֿיש אַ שטייגער האָבן אַרײַנגעבראַכט גרויסע געלטער, — יענע האָבן גערעדט וועגן ים בלשון זכר „על מאַר“, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט פֿאַרמעסטן מיט אים, אָדער ווי ער וואָלט געווען זייער שונא. נאָר בײַם אַלטן איז דער ים שטענדיק געווען „לאַ מאַר“ — ווײַבלעך, עפּעס אַזוינס וואָס האָט געקענט טאָן אָדער נישט טאָן גרויסע טובֿות, און אויב זי האָט יאָ אָפּגעטאָן ווילדע שטוקעס, איז עס געווען דערפֿאַר, ווײַל זי האָט זיך ניט געקענט העלפֿן! פּונקט ווי אַ פֿרוי. די לבֿנהווירקט אויף איר פּונקט ווי אויף אַ פֿרוי, האָט ער געטראַכט.

ער האָט גערודערט מיט געזעצטקייט, זיך ניט אָנגעשטרענגט, און דער ים איז געווען פֿלאַך און נאָר אויפֿגעווירבלט פֿון צײַט צו צײַט. ער האָט געלאָזט, דער שטראָם זאָל טאָן פֿאַר אים אַ דריטל אַרבעט, און ווען עס האָט אָנגעהויבן צו גרויען אויף טאָג, איז ער געווען אַ סך ווײַטער אַוועק, ווי ער האָט זיך געריכט צו זײַן אין דער שעה.

אַ גאַנצע וואָך האָב איך געפֿישט אין די טיפֿע ברינעמער און גאָר־ניט געכאַפּט, האָט ער געטראַכט. הײַנט וועל איך פּרוּוון דאָרט ווו עס געפֿינען זיך די קלענערע פֿיש — די באָניטאָס און די אַלבאַקאָרעס — און עס וועט זיך אפֿשר אויך פֿאַרוואַלגערן צווישן זיי אַ גרויסער פֿיש.

# ערנעסט
# העמינגוועי

אײדער ס'איז אױף אַן אמת געװאָרן ליכטיק, האָט ער אַרױסגענומען די לאָקערשפּײַז און געלאָזט די דראָטשטריק מיטן שטראָם. אײנער איז געװען פֿערציק קלאַפֿטער די טיף, דער צװײטער פֿינף און זיבעציק און דער דריטער און פֿערטער — הונדערט און הונדערט און פֿינף און צװאַנציק קלאַפֿטער די טיף. יעדעס לאָקערפֿישל איז געהאָנגען מיטן קעפּל אַראָפּ, מיט דעם הענטל פֿון האָקן אין דעם פֿיש, צוגעבונדן און צוגענײט פֿעסט. דער אַרױסשטאַרצנדיקער טײל פֿון האָקן איז געװען באַדעקט מיט פֿרישע סאַרדינען. יעדע סאַרדינקע איז געװען דורכגעשטאָכן דורך בײדע אױגן, װי אַ האַלב קרענצל, אױפֿן שטאָל. יעדער טײל פֿון האָקן האָט געשמעקט זיס און גערײצט דעם אַפּעטיט פֿון גרױסן פֿיש.

דאָס ייִנגל האָט אים געהאַט געבראַכט צװײ פֿרישע, קלײנינקע טונאַס אָדער אַלבאַקאָרעס, װאָס זענען געהאָנגען אױף די צװײ טיפֿסטע דראָטשטריק װי בלײַערנע געװיכטן, און אױף די אַנדערע דראָטשטריק האָט ער צוגעשפּעט אַנדערע, שױן גענוצטע, פֿישלעך, װאָס זענען אָבער נאָך געװען גאַנץ פֿריש און װעלכע ער האָט אַרומגערינגלט מיט די אױסגעצײכנטע סאַרדינקעס, װאָס האָבן זײ געגעבן אַן אָנגענעמען צוצִיענדיקן ריח. יעדער דראָטשטריק איז געװען גראָב װי אַ בלײַער און אַרײַנגעצילעט אין אַ גרינעם שטעקן, אַזױ אַז יעדער שלעפּ און צי און באַריר האָט אײַנגעטונקען דעם שטעקן אין װאַסער. יעדער דראָטשטריק האָט געהאַט צװײ קנױלן שטריק פֿון פֿערציק קלאַפֿטער, װאָס מען קען פֿעסט צוקניפּן צו די אַנדערע אָנגעגרײטע

# דער אַלטער
# און
# דער ים

שטריק, כּדי — ווען עס וועט זײַן נייטיק — זאָל אַ פֿיש קענען אַרונ־טערציִען אַריבער דרײַ הונדערט קלאַפֿטער שטריק.

דער אַלטער האָט געזען ווי די דרײַ שטעקנס טונקען זיך אונטער און ער האָט גערודערט פּאַמעלעך כּדי די דראָטשטריק זאָלן זײַן גלײַך און אין דער געהעריקער טיף. ס׳איז שוין געווען ליכטיק און די זון האָט געזאָלט באַלד אויפֿשײַנען.

ווען די זון האָט זיך אַרויפֿגעהויבן פֿון ים, האָט דער אַלטער גע־קענט זען די אַנדערע שיפֿלעך, נידעריקער אַראָפּ אין וואַסער און נעענטער צום ברעג. די זון איז באַלד געוואָרן שטאַרקער און דער בליאַסק האָט זיך אויסגעשפּרייט אויפֿן וואַסער און דער ים־פֿלאַך האָט עס אָפּגעשלאָגן אין זײַנע אויגן און ס׳האָט אים שטאַרק וויי געטאָן, נאָר ער האָט אַלץ ווײַטער גערודערט.

ער האָט אַראָפּגעקוקט אין וואַסער און געזען, ווי די דראָטשטריק לאָזן זיך אַראָפּ גלײַך אין פֿינצטערן וואַסער אַרײַן. קיינער איז ניט געווען אַזאַ מאדים אויף צו קענען האַלטן גלײַך די דראָטשטריק ווי ער. ער האָט געזען, אַז אויף יעדן פֿלאַך פֿון דער פֿינצטערניש זאָל זײַן אַ לאָקערפֿישל, גרייט אײַנצובײַסן פֿאַר יעדן אַנשווימענדיקן פֿיש. אַנדערע פֿישערלײַט האָבן געלאָזט די שטריק שווימען מיטן שטראָם, טייל מאָל ניט מער ווי פֿופֿציק קלאַפֿטער די טיף, בעת די פֿישערס האָבן געמיינט, אַז זיי זענען הונדערט קלאַפֿטער די טיף.

איך ווייס, האָט ער געטראַכט, ווי אַזוי צו האַלטן די שטריק גענוי. ס׳האָט זיך אָבער פֿון מיר אָפּגעטאָן דאָס מזל. נאָר ווער ווייסט ? אפֿשר

הײַנט. יעדער טאָג איז אַ נײַער טאָג. ס'איז טאַקע בעסער צו האָבן מזל, נאָר איך וויל בעסער זײַן גרייט, ווען דאָס מזל וועט קומען.

די זון איז איצט געווען צוויי שעה העכער און ס'האָט אים מער ניט אַזוי וויי געטאָן אין די אויגן, ווען ער האָט געקוקט צו מזרח צו. איצט האָט ער נאָר געזען דרײַ שיפֿלעך — און זיי זענען געווען זייער נאָענט צום ברעג.

דאָס גאַנצע לעבן האָט מיר די אויפֿגייענדיקע זון וויי געטאָן די אויגן, האָט ער געטראַכט, און זיי דינען מיר נאָך אַלץ. בײַ נאַכט קען איך אַרײַנקוקן גלײַך אין דער שוואַרצקייט, עס זאָל מיך ניט אָנהייבן צו אַרן. זיי זענען קרעפֿטיקער אין אָוונט. נאָר אין דער פֿרי טוען זיי וויי.

ער האָט דערזען אַ רויבפֿויגל מיט די לאַנגע שוואַרצע פֿליגל קרײַזן אין דער לופֿטן איבער אים. ער האָט זיך גיך אַראָפּגעלאָזט אויף די צוזאַמענגעצויגענע פֿליגל און באַלד ווידער גענומען פֿליִען אין אַ קרײַז.

— ער שנאַפּט עפּעס — האָט דער אַלטער הויך געזאָגט — ער נישטערט ניט גלאַט אַזוי.

ער האָט פּאַמעלעך צוגערודערט אַהין ווו דער פֿויגל האָט אַרומגע־קרײַזט. ער האָט זיך ניט געאײַלט און געזען, אַז די דראָטשטריק זאָלן בלײַבן גלײַך. ער האָט אָבער געמוזט אויפֿשטויסן דעם שטראָם און געזען, ווי דער פֿויגל פֿליט אַרויף אַלץ העכער אין דער לופֿט און הייבט ווידער אָן אַרומצוקרײַזן מיט אומבאַוועגלעכע פֿליגל. דערנאָך האָט ער זיך פּלוצעם אַראָפּגעלאָזט און דער אַלטער האָט געזען, ווי

# דער אַלטער
# און
# דער ים

אַ צאָל פֿליפֿיש שפּרינגען אַרויס אויף דעם איבערפֿלאַך פֿון וואַסער און פֿליִען מיט בהלה איבערן ים.

— דעלפֿינען — האָט דער אַלטער הויך געזאָגט — גרויסע דעל־פֿינען.

ער האָט נאָכגעלאָזט די רודערס און אַרויסגענומען אַ קליינעם דראָטשטריק פֿון אונטערן בויגן, וואָס האָט געהאַט אַ מיטלמעסיקן האָקן. ער האָט צוגעטשעפּעט אויף דעם אַ סאַרדינקע. ער האָט אַראָפּ־געלאָזט דעם קליינעם דראָטשטריק אויף דער זײַט און עס צוגעפּעס־טיקט צו אַ קײַלעכדיקן ריגל צו דעם הינטערשטן טייל שיפֿל. די זעלבע זאַך האָט ער געטאָן מיט אַן אַנדער קליינעם דראָטשטריק, וואָס ער האָט געלאָזט אין שאָטן פֿון שיפֿבויגן. ער האָט ווידער גענו־מען רודערן, ניט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פֿון דעם שוואַרצן פֿויגל מיט די לאַנגע פֿליגל, וועלכער האָט איצט געלויערט נידעריקער איבערן וואַסער.

דער רויבפֿויגל האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט, פֿאָכענדיק ווילד מיט די פֿליגל. ער האָט אונטערגעטונקען דעם שנאָבל אין וואַסער, גע־לאָקערט נאָך פֿליפֿיש. דער אַלטער האָט געקאָנט זען די אַנגעשוואָ־לענע בערגלעך אויפֿן וואַסער פֿון די גרויסע דעלפֿינען, וואָס זענען נאָכגעשווומען די אַנטלויפֿנדיקע פֿיש. די דעלפֿינען האָבן דורכגע־שניטן דאָס אונטערשטע וואַסער, זיך געיאָגט־געיאָגט גיכער איטלעכס מאָל, ווען די פֿיש האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. עס מוזן דאָרט אַוודאי זײַן אָן אַ שיעור דעלפֿינען, האָט דער אַלטער געטראַכט. זיי האָבן זיך אויסגעשפּרייט ווײַט און ברייט אַזוי אַז די פֿליפֿיש זאָלן זיך ניט קע־

## ערנעסט
## העמינגוועי

נען אַרויסדרייען פֿון זיי. די פֿליפֿיש זענען צו גרויס פֿאַר אים און זיי יאָגן זיך צו גיך.

ער האָט געזען ווי די פֿליפֿיש שפּרינגען אויף איין מאָל און נאָך אַ מאָל און זיך ניט געקענט געבנוג אָפּוווּנדערן פֿון די אומגעלומפּער־טע באַוועגונגען פֿון פֿויגל. די כאַפּטע האָט זיך אַרויסגעגליטשט פֿון מײַנע הענט, האָט ער געטראַכט. זיי אַנטלויפֿן צו גיך און צו ווײַט. נאָר אפֿשר וועט מיר געלינגען צו כאַפּן עטלעכע פֿון די איבערגעבלי־בענע און פֿאַרבלאָנדזשעטע און אפֿשר וועט צווישן זיי זײַן מײַן גרוי־סער פֿיש. ער מוז פֿאָרט ערגעץ זײַן, מײַן גרויסער פֿיש.

די וואָלקנס איבערן לאַנד האָבן זיך איצט געהויבן ווי בערג און דער ברעג איז געווען ווי איין לאַנגע גרינע ליניע מיט גרוי־בלויע בערג אַהינטער. דאָס וואַסער איז איצט געווען טונקל־בלוי, אַזוי שטאַרק טונקל, אַז ס'האָט כמעט אויסגעזען פּורפּורן. אַרונטערקוקנ־דיק אין וואַסער האָט ער געזען דעם רויטן אָפּשײַן פֿון פּלאַנקטאָן אין דעם טונקלען וואַסער און דאָס אויסטערלישע ליכט פֿון דער זון. ער האָט געזען, ווי די שטריק לאָזן זיך אַראָפּ טיפֿער אין וואַסער און ער איז געווען גליקלעך צו זען אַזוי פֿיל פּלאַנקטאָן, ווײַל דאָס האָט געמיינט, אַז עס זענען דאָ פֿיש. דער מאָדנער אָפּשטראַל פֿון דער זון אין וואַסער, איצטער אַז די זון איז געשטאַנען העכער, האָט באַטײַט גוט וועטער און אַזוי האָט אויך באַטײַט דער צוזאַמענשטעל פֿון די וואָלקנס איבערן לאַנד. נאָר דעם פֿויגל האָט מען כמעט שוין ניט אָנגעזען און מען האָט גאָרניט געזען אויף דעם אייבערפֿלאַך פֿון וואַסער, אויסער אַ פּאָר געלע פֿלעקן, זון־אָפּגעבליאַקעוועטע ריטלעך

# דער אַלטער
# און
# דער ים

און דעם פּורפּורנעם, רעגנבויגנדיקן פֿאַרגליווערטן פּענכער פֿון אַ רויבפֿויגל, וואָס איז געשווומען נאָענט צו דער שיף מיט די לאַנגע טויטלעכע, פּורפּורענע פֿעדעם אַ יאַרד לאַנג אינעם וואַסער.

— "אַגואַ מאַלאַ" — האָט דער אַלטער געזאָגט — הור וואָס דו ביסט!

פֿון דאָרט ווו ער האָט זיך לײַכט אַ וויג געטאָן צו די רודערס האָט ער אַראָפּגעקוקט אין וואַסער און געזען די קליינע פֿישלעך, וואָס זענען געווען פֿון זעלביקן קאָליר ווי די נאָכשלעפּנדיקע פֿעדעמער. זיי זענען געשווומען צווישן זיי און אונטערן קליינעם שאָטן פֿון אויפֿגעבלאָזענעם פּענכער. זיי זענען נישט געווען שפּירעוודיק צו סם, ניט ווי די מענטשן. ווען אַ טייל פֿון די פֿעדעם־געוועבן וואָלטן זיך פֿאַרטשעפּעט אויף איינע פֿון די דראָטלינעס און געבליבן ליגן שלײַמיק און פּערפּלדיק, בעת דער אַלטער איז געווען פֿאַרנומען מיט כאַפּן אַ פֿיש, וואָלט ער געקראָגן אויפֿגעלאָפֿענע בלאָטערס און געשווירן פֿון זעלבן מין, וואָס מען קריגט פֿון "פּאָיזן אײַווי" און "פּאָיזן אָוק". די פֿאַרגיפֿטונגען פֿון דער "אַגואַ מאַלאַ" זענען אָבער געווען ערגער, ווײַל זיי זענען געקומען גיך און אומגעריכט און אַראָפּגעפֿאַלן ווי דער קנאַל פֿון אַ בײַטש.

די רעגנבויגנדיק קאָלירטע בלאָזן זענען געווען פּרעכטיק. דאָס איז אָבער געווען די פֿאַלשסטע זאַך אין ים און דער אַלטער האָט אָנגעקוואָלן, ווען די גרויסע טשערעפּאַכעס האָבן זיי פֿאַרצערט. די טשערעפּאַכעס האָבן זיי דערזען, זיך דערנעענטערט צו זיי פֿון פֿאָרנט, פֿאַרמאַכט די אויגן, אַזוי אַז זיי זענען געוואָרן אין גאַנצן באַשיצט

ערנעסט
העמינגוועי

מיטן פּאַנצער, און זיי אויפגעגעסן צוזאַמען מיט די פּעדעם־געוועבן. דער אַלטער האָט דאָס ליב געהאַט צו זען און ליב געהאַט צו טרעטן אויף זיי אויפן ברעג ים נאָך אַ שטורעם און הערן ווי זיי טרעשטשען, ווען ער שטעלט זיך אַרויף אויף זיי מיט די שטעכלזוילן פון זײַנע פיס.

ער האָט ליב געהאַט די גרינע טשערעפּאַכעס און די קאַרעט־שילד־קרויטן מיט זייער עלעגאַנטישקייט און שנעלקייט, און זייער גרויסן ווערט און געפּילט אַ מין פרײַנדלעכן ביטול צו די געלע טשערעפּאַ־כעס, וואָס זענען געווען איבערגעוואַקסן און שלאַבעריק, האָבן זיך אויפגעפירט עפּעס גאָר מאָדנע בײַם פּאָרן זיך און זיך געפּילט גליק־לעך נאָר דעמאָלט ווען זיי האָבן מיט פאַרמאַכטע אויגן געפרעסן די פּאָרטוגעזישע רויבפייגל.

ער האָט ניט געהאַט קיין פאַרבאָרגענע, מיסטישע געפילן וועגן די טשערעפּאַכעס, כאָטש ער האָט לאַנגע יאָרן זיך אַרומגעשלעפּט אויף טשערעפּאַכע־שיפלעך. ער האָט געהאַט רחמנות אויף זיי אַלע, אַפילו אויף די גאָר גרויסע, וואָס זענען געווען לאַנג ווי דאָס שיפל און גע־וויגן אַ טאָן. די מייסטע מענטשן האָבן גאָר קיין רחמנות ניט אויף די טשערעפּאַכעס, ווײַל דאָס האַרץ פון אַ טשערעפּאַכע הערט ניט אויף צו קלאַפּן אַפילו עטלעכע שעה נאָך דעם ווי מען האָט זי צע־שניטן און צעקײַלט. נאָר דער אַלטער האָט געטראַכט, איך האָב אויך אַזאַ האַרץ און מײַנע הענט און פיס זענען גלײַך ווי בײַ זיי. ער האָט געגעסן די ווײַסע אייער אָנצוזאַמלען כוחות. ער האָט זיי געגעסן אין

# דער אַלטער
# און
# דער ים

משך פֿון גאַנצן חודש מײַ, כּדי ער זאָל האָבן כּוח אין סעפּטעמבער און אָקטאָבער פֿאַר די אמת גרויסע פֿיש.

ער האָט אויך יעדן טאָג געטרונקען אַ טעפּעלע טראָן פֿון גרויסן קעסל אין דער קאַמער, וווּ אַ סך פֿישערלײַט האָבן געהאַט זייערע פֿישגעצײַגן. אַלע פֿישערלײַט, וואָס האָבן נאָר געוואָלט, האָבן עס געקענט טאָן. די מיינסטע פֿון זיי האָבן פֿײַנט געהאַט דעם טעם. ס׳איז אָבער ניט געווען ערגער ווי דאָס אויפֿשטיין פֿאַר טאָג און ס׳איז געווען גוט קעגן פֿאַרקילונגען, דער גריפּע, און גוט פֿאַר די אויגן.

דער אַלטער האָט איצט אַרויפֿגעקוקט און געזען, ווי דער פֿויגל קרײַזט ווידער אַרום און אַרום.

״ער האָט דערשנאַפּט פֿיש״, האָט ער הויך געזאָגט.

קיין שום פֿליפֿיש האָבן ניט דורכגעריסן דעם וואַסערפֿלאַך און עס האָבן זיך אויך ניט געזען קיין לאָקערפֿישלעך אָפּגעריסענע פֿון די האָקנס. נאָר ווען דער אַלטער האָט אַזוי געהאַלטן וואַך, האָט זיך אַ קליינע טונאַ אויפֿגעהויבן אין דער לופֿטן, זיך איבערגעקערט און אַראָפּגעפֿאַלן אין וואַסער מיטן קאָפּ אַראָפּ. די טונאַ האָט געלויכטן ווי זילבער אין דער זון און נאָך דעם ווי זי איז צוריק אַראָפּגעפֿאַלן אין וואַסער האָט זיך אויפֿגעהויבן נאָך איינע און נאָך איינע, שפּרינגענדיק אין אַלע זײַטן, אויפֿשפּריצנדיק דאָס וואַסער; זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין לאַנגע שפּרונגען נאָך דעם לאָקער אויף די האָקנס.

אויב זיי וועלן זיך נאָר ניט יאָגן צו גיך, וועל איך אַרײַנפֿאָרן אין זיי, האָט דער אַלטער געטראַכט און ער האָט געזען, ווי די כאָפּטע צע־

## ערנעסט
## העמינגוועי

פליאַסקעט דאָס וואַסער, אַז עס ווערט אַזש ווײַס און דער פויגל לאָזט זיך אַראָפּ און בײַסט זיך אײַן אין די לאָקערפּישלעך, וואָס זענען דער־שראָקענע אַרויפגעשווומען אויף דעם איבערפלאַך.

"דער פויגל וועט מיר אַ סך העלפן", האָט דער אַלטער געזאָגט. גראָד דעמאָלט איז דער דראַטשטריק פון הינטערשטן טייל שיפל געוואָרן שטײַף אונטער זײַן פוס, ווו ס'האָט זיך געפונען דער שלייף פון דעם שטריק, און ער האָט נאָכגעלאָזט די רודערס און דערשפירט די וואָג פון דער קליינער צאַפּלדיקער טונאַ, בעת ער האָט פעסט צו־געהאַלטן דעם שטריק און אים גענומען אַרײַנציען. דאָס צאַפּלעניש האָט זיך פאַרשטאַרקט און ער האָט געקענט זען דעם בלויען רוקן פון פיש אין וואַסער און די גאָלדיקע זײַטן, אײדער ער האָט אים אַ הייב און אַ קערעווע געטאָן אויף דער זײַט און אַרײַנגעשלעפּט אין שיפל. דער פיש איז געלעגן אין דער זון, שטײַף און אויסגעפורעמט ווי אַ קויל, מיט זײַנע גרויסע, נאַרישעוואָטע אויגן — און צעשלאָגן זײַן לעבן אָן די פּלאַנקען פון שיפל מיט די האַסטיקע, צאַפּלדיקע קלעפּ פון זײַן עק. דער אַלטער האָט געהאַט רחמנות אויפן פיש און אים אַ זעץ געטאָן איבערן קאָפּ, און דער גוף האָט זיך נאָך אַלץ געצאַפּלט און געוואָרפן אין שאָטן.

"אַלבאַקאָרע", האָט ער אויסגערופן אויף אַ קול. "ער וועט שוין איין מאָל זײַן אַ צאַצקע אויף צוצוציען אַ גרויסן פיש. ער וועגט זיכער אַ צען פונט".

ער האָט זיך ניט געקענט דערמאָנען, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן רעדן הויך, ווען ער איז געווען אַליין. אין די אַל־

# דער אַלטער
# און
# דער ים

טע צײַטן פֿלעגט ער זינגען, ווען ער איז געווען אַליין, און ער פֿלעגט אויך פֿון צײַט צו צײַט זינגען דורך די נעכט, ווען ער איז אַליין גע־ווען אויף דער וואַך בײַם רודער אין די קלענערע שיפֿלעך אָדער אין די גרעסערע — די טשערעפּאַכע־שיפֿלעך. ער האָט מסתּמא אָנגעהויבן רעדן צו זיך אַליין אויף אַ קול, ווען דאָס ייִנגל איז אַוועק פֿון אים. ער האָט אָבער ניט געקענט געדענקען. ווען דאָס ייִנגל איז געווען מיט אים און אים געהאָלפֿן אין דער אַרבעט, פֿלעגן זיי געוויינטלעך רעדן איינער צום אַנדערן נאָר ווען זיי האָבן געמוזט. גערעדט האָבן זיי בײַ נאַכט אָדער ווען ס׳איז געווען אַן אָנזאָג אויף אַ שטורעם. מען האָט עס געהאַלטן פֿאַר אַ גוטער מידה ניט צו רעדן גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן, ווען מען האָט זיך געפֿונען אויפֿן ים, און דער אַל־טער האָט שטענדיק געהאַלטן דערפֿון און עס רעספּעקטירט. נאָר איצטער האָט ער אַ סך מאָל אַרויסגערעדט זײַנע געדאַנקען אויף אַ קול, ווײַל ס׳איז קיינער ניט געווען, וועמען דאָס זאָל פֿאַרדריסן.

„ווען זיי וואָלטן געהערט, ווי איך רעד צו זיך אַליין אַזוי הויך, וואָלטן זיי געמיינט, אַז איך בין משוגע געוואָרן", האָט ער הויך גע־זאָגט, „נאָר אַזוי ווי איך בין ניט משוגע, הייבט עס מיך ניט אָן צו אַרן. די רײַכע לײַט האָבן ראַדיאָס, וואָס רעדן צו זיי אין זייערע שיפֿ־לעך און גיבן זיי איבער אַלץ וועגן בייסבאָל".

ס׳איז איצט ניט די צײַט צו טראַכטן וועגן בייסבאָל, האָט ער גע־טראַכט. איצט איז צײַט צו טראַכטן נאָר וועגן איין זאַך. וועגן דעם צו וואָס איך בין געבוירן געוואָרן. ס׳קען נאָך אַ מאָל זײַן אַ גרויסער

ערנעסט
העמינגוועי

פאַרשווין צווישן דעם געזעמל, האָט ער געטראַכט. דאָס וואָס איך האָב געכאַפּט איז ניט מער ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט פישל.

זיי זענען אָבער צו גיך און צו ווײַט אַוועק.

וועמעס שולד איז עס? די שעה פון טאָג? אָדער אפשר איז עס אַ וועטער־סימן, וואָס איז מיר ניט באַקאַנט?

ער האָט איצט ניט געקענט זען דאָס גרינקייט פון ברעג, נאָר די בלויע באַרגשפּיצן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשלאָגן ווײַס, גלײַך ווי זיי וואָלטן געווען צוגעדעקט מיט שניי, און די וואָלקנס, וואָס האָבן אויס־געזען ווי שנייבערג צווישן זיי. דער ים איז געווען זייער טונקל און דאָס ליכט האָט געמאַכט פּריזמעס אין וואַסער. די הויכע זון האָט צעקלויצעט די טויזנטער פלעקן, און דער אַלטער האָט איצט נאָר געקענט זען די גרויסע טיפע פּריזמעס אין בלויען וואַסער, בעת זײַ־נע דראָטשטריק האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין וואַסער אַ מײַל די טיף.

די טונאָס, — די פישערלײַט האָבן גערופן אַלע פיש פון דעם מין "טונאַ" און זיי אָנגערופן מיט די אמתע נעמען נאָר דעמאָלט ווען זיי זענען געקומען זיי פאַרקויפן — די טונאָס זענען איצטער ווידער געווען אונטן. די זון איז געווען הייס און דער אַלטער האָט געפילט די היץ אויף זײַן נאַקן און געשפּירט, ווי דער שוויס רינט אַראָפּ אויפן רוקן, בעת ער האַלט אין רודערן.

ס'וואָלט גאָרניט געווען אַזוי שלעכט, האָט דער אַלטער געטראַכט, איך זאָל זיך אַזוי גליטשן אויפן וואַסער און שלאָפן און אַרומבינדן אַ שטיקל פון דראָטשטריק אַרום פוספינגער מיך אויפצוּוועקן. נאָר

# דער אַלטער
# און
# דער ים

הײַנט איז דער פֿינף און אַכציקסטער טאָג און עס דאַרף זײַן גוט צו כאַפּן פֿיש.

קוקנדיק אויף זײַנע דראָטשטריק, האָט ער דערזען, ווי איינער פֿון די דראָטן טונקט זיך טיף אונטער.

״יאָ״, האָט ער געזאָגט, ״יאָ״, און אַזוי באַוועגט מיט די רודערס, זיי זאָלן ניט אָנשטויסן דאָס שיפֿל. ער האָט גענומען דעם דראָטשטריק און אים געהאַלטן צאַרט צווישן גראָבן פֿינגער און ווײַזפֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט. ער האָט ניט געשפּירט קיין שום אָנשטרענג און קיין שווער געוויכט און געהאַלטן לײַכט דעם שטריק. דערנאָך איז עס ווידער געקומען. דאָס מאָל איז עס געווען אויף אויסצופּרוּוון, ניט צו שטאַרק, ניט צו שווער, און ער האָט גענוי געוווּסט, וואָס דאָס איז אַזוינס. הונדערט קלאַפֿטערס טיף האָט אַ שפּיזפֿיש גענאָגט די סאַרדינקעס, וואָס האָבן צוגעדעקט דעם שפּיץ און די זײַט פֿון האָקן, דאָרט ווו דער האַנט־געשמידטער האָקן האָט אַרויסגעשטעקט פֿון קאָפּ פֿון דער קליינער טונאַ.

צאַרט און דעליקאַט האָט דער אַלטער געהאַלטן דעם דראָטשטריק און מיט דער לינקער האַנט אים פּאַמעלעך אויפֿגעוויקלט פֿון שטעקן. איצטער האָט ער אים געקענט דורכלאָזן דורך די פֿינגער, אַז דער פֿיש זאָל ניט שפּירן דאָס געשפּאַנטקייט.

אַזוי ווײַט אַרויס און אין הײַנטיקן חודש, מוז ער אַוודאי זײַן גאָר גרויס, האָט דער אַלטער געטראַכט. פֿרעס זיי, פֿיש. פֿרעס זיי. איך בעט דיך. פֿרעס זיי. זיי זענען אַזוי פֿריש און דו ביסט אַזוי טיף אונטן, זעקס הונדערט פֿוס אין קאַלטן וואַסער אין דער פֿינצטער. גיב זיך

ערנעסט
העמינגוועי

ווידער אַ דריי אויס אין דער פֿינצטער און קום באַלד צוריק און נעם זיי פּרעסן.

ער האָט געפּילט דעם לײַכטן דעליקאַטן ציִ און באַלד דערנאָך אַ שטאַרקערן שלעפּ, ווען ס'האָט אַוודאי געמוזט אַנקומען שווערער אַרויסצורײַסן פֿון האָקן דאָס קעפּל פֿון אַ סאַרדינקע. דערנאָך — גאָרניט מער.

"נו שוין", האָט דער אַלטער הויך אַ זאָג געטאָן, "גיב זיך ווידער אַ דריי אויס. גיב נאָר אַ שמעק. איאָ, זיי שמעקן גוט? פּרעס זיי ווי ס'דאַרף צו זײַן און דערנאָך וועסטו זיך נעמען צום טונאַ. האַרט און קאַלט און גוט. שעם זיך ניט, פֿיש. פּרעס, פּרעס".

ער האָט געוואַרט מיטן דראָטשטריק צווישן גראָבן פֿינגער און ווײַזפֿינגער און אין איין און דער זעלבער צײַט געקוקט אויף די אַנדערע שטריק, ווײַל ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז דער גרויסער פֿיש זאָל האָבן אַוועקגעשווומען ערגעץ ווײַטער — העכער אָדער טיפֿער. דערנאָך האָט ער ווידער דערפֿילט דעם זעלבן דעליקאַטן ציִ.

"ער וועט אײַנבײַסן", האָט דער אַלטער הויך געזאָגט. "זאָל אים גאָט העלפֿן, ער זאָל אײַנבײַסן".

דער גרויסער פֿיש האָט אָבער ניט אײַנגעביסן. ער איז אַוועק און דער אַלטער האָט מער גאָרניט געפֿילט.

"ס'איז ניט מעגלעך, אַז ער איז אַוועק", האָט ער געזאָגט. "איין גאָט ווייסט, אַז ס'איז ניט מעגלעך. ער דרייט זיך נאָר אויס אַזוי. אפֿשר האָט ער שוין אַ מאָל פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון אַ האָקן און ער געדענקט עפּעס".

# דער אַלטער
# און
# דער ים

דערנאָך האָט ער ווידער דערשפּירט דעם צאַרטן ריר פֿון דראָט־שטריק און ער איז געווען גליקלעך.

„יאָ, דאָס האָט ער זיך נאָר אַ דריי געטאָן“, האָט ער געזאָגט. „ער וועט באַלד איינבײַסן“.

ער איז געווען גליקלעך, פֿילנדיק דעם צי, וואָס איז באַלד געוואָרן האַרט און אומגלייבלעך שווער. ס'איז געווען דאָס געוויכט פֿון פֿיש און ער האָט געלאָזט דעם שטריק זיך גליטשן אַראָפּ, אַראָפּ, אַראָפּ, און גלײַכצײַטיק אויפֿגעוויקלט די ערשטע פֿון די צוויי רעזערוושטריק. בעת דער שטריק האָט זיך אַזוי לײַכט דורכגעגליטשט דורך דעם אַלטנס פֿינגער, האָט ער אַלץ געקענט פֿילן די אַראָפּציִענדיקע שווערקייט כאָטש דער דרוק פֿון זײַנע פֿינגער איז געווען זייער לײַכט.

„שוין איין מאָל אַ פֿיש“, האָט ער געזאָגט. „ער האָט זײַטיק אײַנגעביסן מיטן פּיסק און וויל דערמיט אַנטלויפֿן“.

דערנאָך וועט ער זיך אַ דריי טאָן און עס אײַנשלינגען, האָט ער געטראַכט. ער האָט עס ניט אַרויסגערעדט, ווײַל ער האָט געוווּסט, אַז אויב מען זאָגט אַרויס אַ גוטע זאַך, קאָן עס אַ מאָל ניט געשען. ער האָט געוווּסט, אַז ס'איז אַ ריזיק גרויסער פֿיש און זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי ער יאָגט אַוועק אין דער פֿינצטער, האַלטנדיק די טונאַ זײַטיק אין פּיסק. אין דער זעלבער רגע האָט ער געפֿילט, ווי ער הערט זיך אויף צו באַוועגן, כאָטש ער האָט נאָך אַלץ געשפּירט די ציִענדיקע שווערקייט. די וואָג האָט זיך פֿאַרגרעסערט און ער האָט נאָכגעגעבן מער שטריק. אויף אַ רגע האָט ער מער צוזאַמענגעפּרעסט

## ערנעסט העמינגוועי

דעם דרוק פֿון גראָבן פֿינגער און פֿונעם ווײַזפֿינגער און דאָס געוויכט איז געוואָרן שווערער און נאָך מער געצויגן אַראָפּ.

"ער האָט עס געפּאַקט", האָט דער אַלטער געזאָגט. "איצט וועל איך אים לאָזן הנאה האָבן פֿון פֿרעס".

ער האָט דורכגעלאָזט דעם שטריק דורך די פֿינגער און מיט דער לינקער האַנט באַפֿעסטיקט די צוויי עקן פֿון די צוויי רעזערוושטריק צום שלייף פֿון די צוויי רעזערוושטריק אויף דער אַנדערער וועגטקע. איצט איז ער געווען פֿאַרטיק. ער האָט איצט געהאַט דריי פֿערציק־קלאַפֿטערדיקע שטריק אין רעזערוו, און אויך די שטריק, וואָס ער האָט גענוצט.

"פֿרעס נאָך אַ ביסל", האָט ער געזאָגט. לאָז דיך ווילגיין. פֿרעס אַזוי, אַז דער שפּיץ פֿון האָקן זאָל דיר אַרײַן גלײַך אין האַרצן און זאָל דיך דערהרגענען. קום גרינג אַרויף, עס זאָל מיר ניט אָנקומען שווער אַרײַנצושיסן אין דיר דעם האַרפּון. גוט. ביסט שוין פֿאַרטיק? האָסט דיך שוין געלאָזט גענוג ווילגיין בײַם טיש?

"איצט!" — האָט ער הויך געזאָגט און מיט ביידע הענט גענומען שלעפּן דעם שטריק.

ס'איז אָבער גאָרניט געשען. דער פֿיש האָט זיך פּאַמעלעך אַוועקגערוקט און דער אַלטער האָט אים ניט געקענט אַ שלעפּ טאָן. דער שטריק איז געווען שטאַרק און געמאַכט פֿאַר שווערע פֿיש און ער האָט אים צוזאַמענגעצויגן אויפֿן רוקן, אַז עס זענען פֿון אים אַזש אָפּגעשפּרונגען שווערע טראָפּנס וואַסער. דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ צישען און אַ זידן אין וואַסער און ער האָט אַלץ ניט נאָכגעלאָזט.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

דאָס שיפֿל האָט זיך גענומען פֿאַמעלעך באַוועגן אין דער ריכטונג צו צפֿון־מזרח.

דער פֿיש איז געשווומען כסדר און זיי האָבן זיך פֿאַמעלעך געגליטשט אין רויִקן וואַסער. די איבערגעבליבענע לאָקערשפּײַז איז נאָך אַלץ געווען אין וואַסער, נאָר מען האָט איצט גאָרניט געקאָנט טאָן.

„הלוואי וואָלט איך איצט דאָ געהאַט דאָס ייִנגל", האָט ער הויך אַ זאָג געטאָן. „איך ווער געשלעפּט פֿון אַ פֿיש און קאָן זיך קיין עצה ניט געבן. איך וואָלט געקענט לאָזן פֿעסטער דעם שטריק, נאָר ער קאָן נאָך מאַכן אַ תּל פֿון אים. איך מוז אים האַלטן אַזוי לאַנג ווי נאָר מעגלעך און אים געבן גענוג שטריק. געלויבט איז גאָט, וואָס ער שווימט און לאָזט זיך ניט אַרונטער".

וואָס איך וועל טאָן, ווען ער וועט באַשליסן זיך אַרונטערצולאָזן, ווייס איך ניט. און וואָס וועל איך טאָן, אויב ער לאָזט זיך אַראָפּ און פּגרט? נאָר עפּעס וועל איך שוין טאָן. עס זענען דאָ אַ סך זאַכן, וואָס איך קאָן טאָן.

ער האָט געהאַלטן דעם שטריק פֿעסט צום לײַב און געזען זײַן אויסבייג אין וואַסער און ווי דאָס שיפֿל באַוועגט זיך אַזוי געלאַסן צו צפֿון־מערב צו.

דאָס וועט אים שוין אין גאַנצן אַוועקלייגן, האָט דער אַלטער געטראַכט. ער קאָן אַזוי אייביק ניט אָנהאַלטן. נאָר פֿיר שעה שפּעטער איז דער פֿיש נאָך אַלץ אַזוי געשווומען צום ים, מיטשלעפּנדיק דאָס שיפֿל, און דער אַלטער האָט נאָך אַלץ ניט אַראָפּגעלאָזט דעם שטריק פֿון דער פּלייצע.

ערנעסט
העמינגוועי

„ס'איז געווען מיטאָגצײַט, ווען איך האָב אים געכאַפּט אויפֿן האָקן", האָט ער געזאָגט. „און איך האָב אים נאָך ביז איצט ניט אָנגעזען פֿאַר די אויגן".

ער האָט געהאַט אַראָפּגעצויגן דעם שטרויענעם הוט טיפֿער איבערן פּנים, איידער ער האָט געכאַפּט דעם פֿיש און דער הוט האָט זיך אײַנגעשניטן אין שטערן. דער אַלטער איז געווען דאָרשטיק און ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און פֿאָרזיכטיק, ניט אַ צי צו טאָן דעם שטריק, האָט ער אויסגעשטרעקט אַ האַנט ביז צו דער „נאָז" פֿון שיפֿל, וואו ס'איז געווען די וואַסערפֿלאַש. ער האָט געעפֿנט די פֿלאַש און געטרונקען אַ ביסל. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגערוט אַ רגע, זיך אָנגעשפּאַרט אין מאַסט און זעגל און געפּרוּווט ניט צו טראַכטן נאָר צו האָבן אויסדויער און געדולד.

דערנאָך האָט ער זיך אַרומגעקוקט און געזען, אַז מען זעט שוין מער ניט אָן קיין לאַנד. וואָס איז דער חילוק, האָט ער געטראַכט. איך קען שטענדיק אַרײַנקומען קעגן אָפּשײַן פֿון האַוואַנע. ס'וועט נאָך געדויערן צוויי שעה, ביז די זון וועט אונטערגיין און דער פֿיש וועט נאָך אפֿשר אַרויפֿקומען פֿאַר דעם. אויב ניט, וועט ער זיך אפֿשר באַווײַזן מיטן זונאויפֿגאַנג. איך האָב ניט קיין קראַמפּן און פֿיל זיך שטאַרק געבוג. ער האָט דעם האָקן אין פּיסק. נאָר דאָס איז שוין איין מאָל אַ פֿיש, צו קענען ציִען אַזוי שטאַרק. דער פּיסק זײַנער מוז אַוודאי זײַן פֿאַרמאַכט מיט דראָט. אָ, ווי איך וואָלט אים געוואָלט זען! ווי איך וואָלט אים געוואָלט זען כאָטש איין מאָל, כּדי איך זאָל וויסן מיט וועמען איך האָב צו טאָן, וועמען איך האָב קעגן זיך.

# דער אַלטער און דער ים

קוקנדיק אויף די שטערן האָט דער אַלטער געקענט זען, אַז דער פֿיש האָט קיין איין מאָל ניט געביטן זײַן ריכטונג. נאָך דעם ווי די זון איז אונטערגעגאַנגען איז געוואָרן קאַלט, און דעם אַלטנס שווייס האָט זיך געטריקנט אויף דער פּלייצע, די אָרעמס און די פֿיס. בײַ טאָג האָט ער געהאַט גענומען דעם זאַק, מיט וועלכן ער האָט צוגעדעקט די לאָקערפֿישלעך און אים אויסגעטריקנט אין דער זון. ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָט ער אַרומגעבונדן דעם זאַק אַרום האַלדז, אַזוי אַז ער איז אַראָפּגעהאָנגען איבער דער פּלייצע, און אים פֿאָרזיכטיק אַרונטערגעבויגן אונטערן שטריק אויף די אַקסלען. דער זאַק איז געווען ווי אַ קישעלע פֿאַרן שטריק און עס איז אים געלונגען זיך אָנצושפּאַרן אין שיפֿבויגן און ער האָט זיך געפֿילט נישקשהדיק באַקוועם. די פּאָזיציע זײַנע איז ניט געווען אַזאַ גוטע, אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז זי איז צום פֿאַרטראָגן.

איך קען גאָרניט טאָן מיט אים און ער קען גאָרניט טאָן מיט מיר, האָט ער געטראַכט. אַלנפֿאַלס, ניט אַזוי לאַנג ווי עס האַלט אָן אַזוי.

ער האָט אויך אויפֿגעהויבן און משתּין געווען פֿון שיפֿל אַראָפּ, געקוקט אויף די שטערן און געמאַכט קלאָר די ריכטונג. דער שטריק האָט זיך אָפּגעשלאָגן ווי אַ פֿאָספֿאָר פֿלעק אין וואַסער... זיי האָבן זיך איצט באַוועגט פּאַמעלעכער און דער אָפּשטראַל פֿון האַוואַנע איז ניט געווען אַזוי שטאַרק, אַזוי אַז ער האָט געוווּסט, אַז דער שטראָם טראָגט אים צו מזרח צו. אויב איך פֿאַרליר דעם אָפּגלאַנץ פֿון האַוואַנע, גייען מיר מער צו מזרח, האָט ער געטראַכט. ווײַל אויב דער פֿיש וועט ווײַטער אַזוי אָנהאַלטן, וועל איך נאָך קענען זען אַ היפּשע

ערנעסט
העמינגוועי

פּאָר שעה. איך וואָלט זייער געוואָלט וויסן, ווער ס'האָט געוווּנען די בייסבאָל־שפּילן... ס'וואָלט געווען גאָר גוט צו האָבן אַ ראַדיאָ. דער־נאָך האָט ער געטראַכט : האָב אין זין וואָס דו טוסט, טאָרסט ניט באַ־גיין קיין נאַרישקייט.

"ס'וואָלט געווען אַ סך בעסער, ווען איך האָב איצט דאָס ייִנגל מיט זיך", האָט ער הויך געזאָגט. "ער זאָל מיר אַרויסהעלפֿן און דאָס אַלץ צוזען".

מע טאָר ניט זײַן אַליין אויף די עלטערע יאָרן, האָט ער געטראַכט. ס'איז אָבער אומפֿאַרמײַדלעך. כ'טאָר ניט פֿאַרגעסן אויפֿצועסן דעם טונאַ אײדער ער ווערט קאַליע, כּדי איך זאָל אָנהאַלטן די כּוחות. געדענק, ווי ווייניק דו זאָלסט ניט וועלן עסן, מוזסטו פֿון אים פּטור ווערן אין דער פֿרי. געדענק, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין.

דורך דער נאַכט האָבן צוויי ים־חזירלעך זיך באַוויזן בײַם שיפֿל און ער האָט געהערט, ווי זיי בלאָזן און קוילערן זיך. ער האָט געקענט אונטערשיידן דעם ער פֿון דער זי דורך די בלאָזקלאַנגען — דער ער האָט הויך געבלאָזן און די זי האָט פֿון זיך אַרויסגעלאָזט קלייניקע זיפֿצבלאָזן.

"איך האָב זיי ליב", האָט ער געזאָגט. "זיי שפּילן זיך און וויצלען זיך און האָבן זיך ליב. זיי זענען אונדזערע ברידער פּונקט ווי די פֿליפֿיש".

ער האָט פּלוצעם רחמנות געהאַט אויפֿן גרויסן פֿיש, וואָס ער האָט געכאַפּט אויפֿן האָקן. ער איז ווונדערלעך און אויסטערליש און ווער ווייסט, ווי אַלט ער איז, האָט ער געטראַכט. איך האָב נאָך קיין מאָל

# דער אַלטער
# און
# דער ים

ניט געהאַט אַזאַ גיבור אַ פיש. אפשר איז ער צו קלוג אַ שפרונג צו טאָן. ער וואָלט מיך געקענט אומברענגען מיט איין אויפשפרינג אָדער מיט איין ווילדן יאָג. נאָר אפשר האָט ער שוין אַ סך מאָל פאַרזוכט דעם טעם פון אַ האָקן און ער ווייסט, אַז דאָס איז דער איינציקער אופן, ווי אַזוי ער דאַרף אָנפירן זײַן קאַמף. ער ווייסט אַוודאי ניט, אַז ער האָט ניט מער ווי איין מענטש קעגן זיך און דאָס — אַן אַלטן מאַן! נאָר סאַראַ ריז דאָס איז און וויפל ער וועט עס ברענגען אויפן מאַרק, אויב דאָס פלייש איז גוט! ער האָט אויפגעפרעסן די לאָקער־פישלעך ווי אַן ער און ער ווײַזט ניט אַרויס קיין שום מורא אין זײַן געראַנגל. איך בין נײַגעריק צו וויסן, צי ער פלאַנט עפעס אָדער ער איז פאַרצווייפלט ווי איך בין.

ער האָט געדענקט די צײַט, ווען ער האָט געכאַפּט איין שפיזפיש פון אַ פּאָר. דער ער לאָזט שטענדיק צו פריער די זי צום פרעס און דער געכאַפּטער פיש — די זי — האָט זיך ווילד און פאַרצווייפלט גע־ראַנגלט, ביז זי איז אויסגעמאַטערט געוואָרן. נאָר די גאַנצע צײַט איז ער ניט אָפּגעטראָטן פון איר, אַריבער דעם שטריק און געקרײַזט מיט איר אויף דעם אייבערפלאַך. ער איז די גאַנצע צײַט געווען אַזוי נאָענט, אַז דער אַלטער האָט אַזש מורא געהאַט, אַז ער וועט איבער־שנײַדן דעם שטריק מיט זײַן עק, וואָס איז גרויס און שאַרף, ענלעך צו אַ קאָסע. ווען דער אַלטער האָט זי צעממיתטט מיט דער פאַלקע און מיט דעם ייִנגלס הילף זי אַרײַנגעשלעפּט אין שיפל, איז דער ער נאָך אַלץ ניט אָפּגעטראָטן פון שיפל. ערשט דערנאָך, ווען דער אַל־טער האָט גענומען צוגרייטן דעם האַרפון, איז דער ער אויפגעשפרונ־

**ערנעסט**
**העמינגווײ**

געגן הויך אין דער לופֿטן, כּדי ער זאָל קענען זען, ווו די זי איז. ער האָט ברייט צעשפּרייט די געלע פֿליגל, וואָס האָבן געפֿלאַטערט ווי פֿלוספֿעדערן אַרום זײַן ברוסט, און געמיניעט מיט אַלע זײַנע געל קאָלירטע שטרײַפֿן.

דאָס איז געווען די טרויעריקסטע זאַך וואָס איך האָב ווען ס'איז געזען בײַ זיי, האָט דער אַלטער געטראַכט. אַפֿילו דאָס ייִנגל איז דע־מאָלט געווען אַזוי טרויעריק און מיר האָבן זיך אַנטשולדיקט פֿאַר איר און זי שנעל צעהאַקט אויף פּיץ־פּיצלעך.

״אוי, ווי איך וואָלט געוואָלט, אַז דאָס ייִנגל זאָל איצט דאָ זײַן מיט מיר״, האָט ער הויך געזאָגט און זיך אָנגעשפּאַרט אָן די גרינע פֿלאַנקען פֿון שיפֿבויגן און געפֿילט די גבֿורה פֿון גרויסן פֿיש דורך דעם שטריק אויף זײַנע אַקסלען. ער האָט געשלעפּט און געצויגן, אין וועלכער ריכטונג עס האָט זיך אים געגלוסט.

ווײַל איך האָב איין מאָל, צוליב מײַן פֿאַלשקייט און פֿאַרראַט, גע־פֿונען פֿאַר נייטיק פֿאַר אים צו מאַכן אַן אויסוואָל — האָט דער אַל־טער געטראַכט.

זײַן אויסוואָל איז געווען צו פֿאַרבלײַבן אין טיפֿן, פֿינצטערן וואַ־סער, ווײַט אַוועק פֿון אַלע לאָקערנדיקע פּאַסטקעס און פֿאַררעטערי־שע שטיק. מײַן אויסוואָל איז געווען זיך אַוועקצולאָזן אַהין און אים געפֿינען — מער ווי יעטווועדן מענטשן, מער ווי וועמען ניט איז אויף דער וועלט. איצט זענען מיר פֿאַרקניפּט און פֿאַרבונדן איינער מיטן אַנדערן פֿון מיטאָגצײַט אָן. און ס'איז ניטאָ קיינער וואָס זאָל אונדז העלפֿן, ניט אים און ניט מיר.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

אפֿשר וואָלט איך גאָרניט געווען באַדאַרפֿט ווערן אַ פֿישער, האָט ער געטראַכט... איך בין אָבער דערצו געבוירן געוואָרן. איך טאָר ניט פֿאַרגעסן צו עסן די טונאַ איידער עס ווערט ליכטיק.

איידער ס׳איז ליכטיק געוואָרן, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז עס פֿעלט אים איינע פֿון די לאָקערפֿישלעך... ער האָט געהערט, ווי דער שטעקן קרעכצט און ברעכט זיך און ווי דער שטריק שלענגלט זיך אַראָפּ פֿון שיפֿל. אין דער פֿינצטער האָט ער אַרויסגענומען דאָס מעסער פֿון דער שייד, באַפֿרײַט דאָס גאַנצע געוויכט פֿון פֿיש אויף זײַן לינקן אַקסל. ער האָט אָפּגעשניטן דעם שטריק פֿון אייבערשטן טייל שיפֿ־זײַט, דערנאָך דעם אַנדערן שטריק צום נאָענטסטן צו אים און אין דער פֿינצטער באַפֿעסטיקט די רעזערוושטריק. ער האָט אַלץ געטאָן אַזוי געשיקט, מיט איין האַנט, אַרויפֿגעלייגט איין פֿוס אויף די שטריק, בעת ער האָט זיי צוזאַמענגעקניפּט בײַ די עקן. ער האָט איצט געהאַט זעקס רעזערוושטריק. צוויי פֿון יעדן לאָקערפֿיש, וואָס ער האָט אָפּגעהאַקט און פֿון דער לאָקערשפּײַז, וואָס די פֿיש האָבן פֿאַרצוקט. אַלע זענען זיי געווען צוזאַמענגעקניפּט.

ווען עס וועט ליכטיק ווערן, האָט ער געטראַכט, וועל איך זיך נע־מען צו די פֿערציק־קלאַפֿטערדיקע לאָקערפֿיש און זיי אָפּשנײַדן און צובינדן צו די רעזערוושטריק. עס איז מיר געגאַנגען לאיבוד צוויי הונדערט קלאַפֿטער גוטער קאַטאַלאַנישער שטריק און די האָקנס. נאָר דאָס וועט ניט אויספֿעלן. נאָר ווי אַזוי קריגט מען אַן אַנדערן פֿיש? איך ווייס ניט, וואָס פֿאַר אַ סאָרט פֿיש ס׳האָט צוגענומען די לאָקערשפּײַז:

## ערנעסט
## העמינגוועי

אפשר אַ שפּיזפיש, אָדער אַ ווילדע קאַטשקע, צי אַ האַיפּיש. איך האָב אים אפשר ניט געפּילט, איך מוז שנעל פטור ווערן פון אים.

אויפן קול האָט ער געזאָגט: ״הלוואי וואָלט איך איצט געהאַט דאָס יינגל מיט זיך!״

דו האָסט אָבער איצט ניט דאָס יינגל מיט זיך, האָט ער געטראַכט. דו האָסט בלויז זיך אַליין און דו מוזסט זיך נעמען צום לעצטן שטריק, אין דער פינצטער אָדער ניט אין דער פינצטער, אים אָפּשנײַדן און צוטשעפּען די צוויי רעזערוושטריק.

ער האָט אַזוי געטאָן. ס׳איז געווען שווער דאָס צו טאָן אין דער פינצטער. דער פיש האָט פּלוצעם אַ צי געטאָן אַזוי, אַז ער איז אַוועק־געפאַלן אויפן פּנים און האָט געקראָגן אַ שניט אונטערן אויג. דאָס בלוט האָט אַ שפּריץ געטאָן, געריזלט אויפן פּנים, נאָר עס האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך אויסגעטריקנט, איידער ס׳האָט דערגרייכט דעם קין. ער האָט זיך ווידער אָנגעשפּאַרט, צו רעכט געמאַכט דעם זאַק און געזען, אַז דער שטריק זאָל ליגן אויף אַן אַנדער אָרט אויף די אַקסלען. ער האָט דערפילט דעם צי פון פיש און דערנאָך אַראָפּגע־לאָזט אַ האַנט אין וואַסער און געשפּירט, ווי דאָס שיפל באַוועגט זיך.

איך וואָלט געוואָלט וויסן, פאַר וואָס ס׳איז אים פּלוצעם אײַנגעפאַלן דאָס צו טאָן, האָט ער געטראַכט. דער דראָט האָט זיך אַוודאי געמוזט אַראָפּגליטשן פון גרויסן באַרג אויף זײַן רוקן. ס׳איז ניט מעגלעך, אַז זײַן פּלייצע טוט אים אויך אַזוי וויי ווי מײַנע... ער קען אָבער ניט אייביק אַזוי שלעפּן דאָס שיפל — ווי גרויס ער זאָל ניט זײַן. איצט

# דער אַלטער
# און
# דער ים

בין איך פּטור געוואָרן פֿון אַלץ וואָס קען אָנטאָן אומזיסטע צרות און איך האָב גענוג רעזערווּשטריק. וואָס נאָך קען אַ מענטש וועלן?

„פֿיש!" האָט ער אויסגערופֿן. „איך וועל פֿאַרבלײַבן מיט דיר, ביז איך וועל שטאַרבן!" ער וועט אויך וואַרטן אויף מיר, האָט דער אַלטער געטראַכט און געוואָלט, עס זאָל ווערן ליכטיק. אײדער ס'איז געוואָרן ליכטיק, איז געווען זייער קאַלט און ער האָט זיך צוגעדריקט צום האָלץ פֿון שיפֿבויגן זיך אָנצוּוואַרעמען. אין ערשטן ליכט — האָט זיך דער שטריק באַוויזן, זיך אויפֿגעהויבן און צוריקגעפֿאַלן אין וואַסער. דאָס שיפֿל האָט זיך נאָך אַלץ געהאַלטן אין באַוועגן — בעת דער ערשטער זונשטראַל האָט זיך אָפּגעשלאָגן אויפֿן אַלטנס רעכטן אַקסל.

„ער גייט צו צפֿון", האָט דער אַלטער געזאָגט. דער שטראָם וואָלט אונדז פֿאַרצויגן ווײַט צו מזרח צו, האָט ער געטראַכט. הלוואי וואָלט ער געגאַנגען מיטן שטראָם. דאָס וואָלט געווען אַ סימן, אַז ער איז מיד.

ווען די זון האָט זיך אַ ביסל מערער אויפֿגעהויבן, האָט דער אַלטער אײַנגעזען, אַז דער פֿיש ווערט גאָרניט מיד. ס'איז בלויז געווען איין גוטער סימן — דער שטריקאויסבייג האָט געוויזן, אַז ער שווימט איצט ניט אַזוי טיף ווי פֿריִער. דאָס האָט אָבער ניט געהייסן, אַז ער וועט אויפֿשפּרינגען, כאָטש מעגלעך איז עס.

„גאָטעניו, זע אַז ער זאָל אַ שפּרונג טאָן", האָט דער אַלטער געזאָגט. „איך האָב גענוג שטריק זיך צו ספּראַווען מיט אים".

ערנעסט
העמינגוועי

אפשר וואָלט איך באַדאַרפט מער צוזאַמענציִען די שטריק, זיי מער צונויפשפּאַנען, אַז עס זאָל אים ווײ טאָן און ער וועט שפּרינגען, האָט ער געטראַכט. איצטער אַז ס'איז טאָג, מעג ער אויפשפּרינגען און אָנפילן די זעק אַרום זײַן רוקנביין מיט לופט. אַזוי אַרום וועט ער זיך ניט קענען אַראָפּלאָזן צו טיף אויף צו שטאַרבן.

ער האָט געפּרוּווט פאַרגרעסערן דאָס געשפּאַנטקייט. נאָר דער שטריק איז שוין געווען צו פיל אָנגעצויגן פון פריִער, פון זינט ער האָט געכאַפּט דעם פיש אויפן האָקן. ער האָט געוווּסט, אַז עס טויג ניט, אַז יעדער ציִ וועט ברייטער מאַכן דעם שניט, אַזוי אַז ווען ער וועט אַ שפּרונג טאָן, וועט ער נאָך אָפּלאָזן דעם האָקן. נאָר ווי עס זאָל ניט זײַן, פיל איך זיך בעסער אין דער זון, מיט דער זון.

דער שטריק איז געווען באַקלעפּט מיט שלײַמיק־געלן גראָז און דער אַלטער האָט געוווּסט, אַז דאָס מאַכט עס נאָך שווערער — און ער איז געווען צופרידן. עס איז געווען דאָס געלע גראָז פון גאָלף, וואָס האָט אין דער נאַכט געלויכטן מיט אַ פאָספאָרנעם אָפּשטראַל.

"פיש", האָט דער אַלטער געזאָגט, "איך האָב דיך ליב און איך רעספּעקטיר דיך זייער, נאָר אײדער דער טאָג וועט אַריבער, וועסטו זײַן אַ טויטער אין מײַנע הענט".

אַ קלײנער פויגל האָט זיך דערנעענטערט צום שיפל פון צפון־זײַט. ס'איז געווען אַ זינגפויגל, וואָס איז געפלויגן גאָר נידעריק איבערן וואַסער. דער אַלטער האָט געקענט זען, אַז דער פויגל איז זייער מיד. דער פויגל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן הינטערשטן טייל שיפל, דער־

# דער אַלטער
# און
# דער ים

נאָך אַרומגעפֿלויגן אַרום דעם אַלטנס קאָפּ און זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען אויפֿן שטריק, ווו ער האָט זיך געפֿילט אַ סך באַקוועמער.

"ווי אַלט ביסטו, פֿייגעלע?" האָט דער אַלטער געפֿרעגט. "איז דאָס צום ערשטן מאָל אַז דו ביסט פֿאַרפֿלויגן אַזוי ווײַט?"

דער פֿויגל האָט געקוקט אויף אים, ווען ער האָט גערעדט. ער איז געווען צו מיד פֿריִער צו באַטראַכטן דעם שטריק און ס'איז אים אָנגעקומען שווער אײַנצוקלאַמערן אין אים זײַנע אײדעלע פֿיסלעך.

"האָב ניט קיין מורא", האָט דער אַלטער גערעדט צום פֿויגל, "וועסט ניט אַראָפּפֿאַלן. ווי קומט עס, וואָס דו ביסט אַזוי מיד? ס'איז כמעט גאָרניט געווען קיין ווינט די נאַכט. וואָס איז געוואָרן פֿון די פֿייגל? ווער איז שולדיק אין דעם?"

די רויבפֿייגל, האָט ער געטראַכט, וואָס קומען אַרויס אויפֿן ים זיי צו פֿאַרצוקן. נאָר ער האָט גאָרניט געזאָגט דעם פֿויגל וועגן דעם, ווײַל ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט סײַ ווי ניט פֿאַרשטיין און וועט עס גאָר אין גיכן אַליין אויסגעפֿינען.

"רו זיך גוט אָפּ, פֿייגעלע", האָט ער געזאָגט, "דערנאָך לאָז זיך אַרויס אויף גאָטס באַראָט ווי יעדער מענטש אָדער פֿויגל אָדער פֿיש".

ער האָט זיך געפֿילט גוט און דערמוטיקט, ווען ער האָט גערעדט, ווײַל די פּלייצע איז אים געהאַט געוואָרן שטײַף דורך דער נאַכט און האָט איצט גוט ווײ געטאָן.

"קענסט בלײַבן דאָ מיט מיר, אויב דו ווילסט, פֿויגל", האָט ער געזאָגט. "עס טוט מיר נאָר באַנג, וואָס איך קען ניט אַרויפֿציִען דעם

ערנעסט
העמינגוועי

זעגל דיך מיטצונעמען מיטן ווינטל, וואָס הייבט זיך איצט אויף. איך געפֿין זיך אָבער מיט אַ פֿרײַנד״.

גראָד דעמאָלט האָט דער פֿיש פּלוצעם זיך אַ דריי געטאָן און פֿאַרשלעפּט דעם אַלטן ביז צום שיפֿבויגן. ער האָט לײַכט געקענט אַרײַנפֿאַלן אין וואַסער, ווען ער וואָלט זיך ניט געווען געכאַפּט אין צײַט און נאָכגעלאָזט אַ ביסל דעם שטריק.

דער אַלטער האָט אַפֿילו ניט געזען, ווי דער פֿויגל איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. ער האָט אָנגערירט דעם שטריק מיט דער רעכטער האַנט און באַמערקט, אַז זי בלוטיקט.

״ס׳האָט אים עפּעס געמוזט אַ טשעפּע טאָן און אים ווײ טאָן״, האָט דער אַלטער קוים געזאָגט און צוריקגעשלעפּט דעם שטריק צו זען, צי ער קען איבערדרייען דעם פֿיש. נאָר ווען ער האָט דערגרייכט דעם ענדפּונקט, האָט ער זיך געהאַלטן רויק און זיך אײַנגעגנורעט אין שטריק.

״איצטער פֿילסטו עס, פֿיש״, האָט ער געזאָגט. ״און איין גאָט ווייסט, אַז אויך איך פֿיל עס איצט״.

ער האָט אַרומגעזוכט דעם פֿויגל, ווײַל יענער וואָלט פֿאַר אים איצט געווען אַ גאָר אָנגענעמע געזעלשאַפֿט. נאָר פֿון פֿויגל איז שוין מער קיין זכר ניט געבליבן.

ביסט דאָ לאַנג ניט פֿאַרבליבן, האָט דער אַלטער געטראַכט. נאָר דאָרט ווו דו ביסט אַוועקגעפֿלויגן איז אַ סך ערגער, ביז דו וועסט צוקומען צום ברעג. ווי אַזוי האָב איך דערלאָזט, אַז דער פֿיש זאָל

# דער אַלטער
# און
# דער ים

מיך צעשנײַדן מיט איין שלעפּ? ס'אַ נאַרישקייט פֿון מײַן זײַט. אָדער אפֿשר איז גאָר שולדיק דער פֿויגל, וואָס כ'האָב געקוקט אויף אים און געטראַכט פֿון אים? פֿון איצטער אָן וועל איך נאָר טראַכטן פֿון מײַן אַרבעט און זיך נעמען עסן דעם טונאַ, איך זאָל ניט פֿאַרלירן די כּוחות.

"אוי, ווי איך וואָלט געוואָלט, אַז דאָס יִנגל זאָל איצט זײַן מיט מיר און אַז איך זאָל האָבן אַ ביסל זאַלץ", האָט ער געזאָגט אויף אַ קול.

פֿאַרנעמענדיק דאָס געוויכט פֿון שטריק אויפֿן לינקן אַקסל, האָט ער פֿאָרזיכטיק זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און געוואַשן די הענט אין ים און געזען ווי דאָס בלוט רינט אָפּ.

"ער איז איצט ניט אַזוי גיך ווי פֿריִער", האָט ער געזאָגט.

דער אַלטער האָט געוואָלט האַלטן די האַנט אַ ביסל לענגער אין זאַלצוואַסער, נאָר ער האָט מורא געהאַט, אַז דער פֿיש זאָל זיך ניט ווידער אַ בריקע טאָן. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן, אויסגעגלײַכט און אויסגעשטרעקט די האַנט צו דער זון. אַ ברי פֿון שטריק האָט צע־שניטן די האַנט זײַנע פּונקט דאָרט וווּ ער האָט זי גייטיק באַדאַרפֿט האָבן. ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט דאַרפֿן זײַנע הענט, איידער אַלץ וועט זײַן אַריבער, און עס האָט אים פֿאַרדראָסן, פֿאַר וואָס ער האָט געקראָגן דעם שניט, איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבן.

"איצטער מוז איך זיך נעמען עסן די קליינע טונאַ", האָט ער גע־זאָגט נאָך דעם ווי די האַנט האָט זיך אויסגעטריקנט.

ער האָט אַרויסגעקראָגן די טונאַ, אַרויפֿגעלייגט אויף איר אַ קני און אָפּגעשניטן לאַנגע פּאַסן רויט פֿלייש פֿון הינטערשטן טייל קאָפּ

ערנעסט
העמינגוועי

ביז צום עק. דאָס זענען געווען קליין געפֿורעמטע פּאַסן, וואָס ער האָט אָפּגעשניטן פֿון רוקנביין ביז צום בויך. ווען ער האָט אָפּגעשניטן זעקס פּאַסן, האָט ער זיי אויסגעשפּרייט אויפֿן האָלץ פֿון שיפֿבויגן, אָפּגעווישט דאָס מעסער אָן די הויזן, אָנגענומען דעם איבערבלײַב בײַם עק און אַרײַנגעוואָרפֿן אין וואַסער.

"איך קען ניט אויפֿעסן אַ גאַנצע טונאַ", האָט ער געזאָגט און אַרויפֿגעלייגט דאָס מעסער אויף איינע פֿון די פּאַסן. ער האָט געקענט פֿילן דאָס אומאויפֿהערלעכע האַרטע ציִען פֿון שטריק און זײַן לינקע האַנט איז פֿלוצעם געוואָרן פֿאַרקרעמפּט. זי האָט זיך פֿעסט פֿאַרצויגן אויפֿן שווערן שטריק און ער האָט געקוקט אויף איר מיט עקל.

"וואָס פֿאַר אַ האַנט איז דאָס", האָט ער געזאָגט. "ווער פֿאַרקרעמפּט, אויב דו ווילסט; ווער אַ פֿאַרהאַרטעוועטע חיהשע לאַפּע, אויב עס גלוסט זיך דיר. עס וועט דיר גאָרניט העלפֿן".

נו שוין, האָט ער געטראַכט און אַראָפּגעקוקט אין פֿינצטערן וואַסער. נעם זיך שוין עסן און דאָס וועט דיר שטאַרקן די האַנט. ס׳איז ניט די שולד פֿון דער האַנט... ביסט שוין לאַנג מיטן פֿיש... קענסט אָבער פֿאַרבלײַבן מיט אים אויף אייביק... איצט אָבער — עס, עס...

ער האָט גענומען אַ שטיק און עס אַרײַנגעלייגט אין מויל און פּאַמעלעך געקײַט. ס׳איז גאָרניט געווען שלעכט.

צעקײַ גוט, האָט ער געטראַכט, נאָג אויס אַלע זאַפֿטן. ס׳וואָלט געווען אַ סך בעסער מיט לימענע אָדער מיט זאַלץ.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

"ווי אַזוי פֿילסטו זיך, האַנט?" האָט ער געפֿרעגט בײַ דער פֿאַרקרעמפּטער האַנט, וואָס איז איצט געווען האַרט און שטײַף ווי בײַ אַ מת. "איך וועל עסן אַ ביסל מער פֿאַר דײַנעט וועגן".

ער האָט געגעסן דעם אַנדערן חלק פֿון שטיקל, וואָס ער האָט געהאַט צעשניטן אויף צווייען. ער האָט עס גוט צעקײַט און אויסגעשפּיגן די הויט.

"וואָס הערט זיך, האַנט?" אָדער אפֿשר איז עס נאָך צו פֿרי צו וויסן?"

ער האָט גענומען נאָך אַ גאַנץ שטיק און געקײַט.

"ס'איז אַ שטאַרקער, פֿולבלוטיקער פֿיש", האָט ער געטראַכט. "איך האָב געהאַט מזל, וואָס איך האָב אים געכאַפּט און ניט אַ דעלפֿין. אַ דעלפֿין איז צו זיס. דאָס איז כמעט גאָרניט זיס און האָט נאָך אַלע כּוחות אין זיך".

מען מוז אָבער זײַן פּראַקטיש, האָט ער געטראַכט. ווען איך וואָלט נאָר געהאַט אַ ביסל זאַלץ. און איך ווייס ניט, צי די זון וועט קאַליע מאַכן אָדער אויסטריקענען דאָס איבערגעבליבענע. בעסער, איך זאָל עס אויפֿעסן, כאָטש איך בין ניט הונגעריק. דער פֿיש איז איצט רויִק. איך וועל אַלץ אויפֿעסן און זיך קענען נעמען צו אים.

"האָב אַ ביסל געדולד, האַנט", האָט ער געזאָגט. "איך טו עס פֿאַר דײַנעט וועגן".

אָ, ווען איך זאָל נאָר קענען אָנקאָרמענען דעם פֿיש, האָט ער געטראַכט. ער איז מײַן ברודער. נאָר איך מוז אים דערהרגענען און האָבן גענוג כּוח דאָס צו טאָן. פּאַמעלעך און געוויסנהאַפֿט האָט ער אויפֿגעגעסן אַלע אָפּגעשניטענע פּאַסן פֿון טונאַפֿיש.

## ערנעסט העמינגוועי

ער האָט זיך אויסגעגלײַכט און אָפּגעווישט די האַנט אין די הויזן.

"איצטער", האָט ער געזאָגט, "איצטער קענסטו אָפּלאָזן דעם שטריק, האַנט, און איך וועל זיך ספּראַווען מיט אים בלויז מיט דער רעכטער האַנט, ביז דו וועסט אויפֿהערן מיט דײַנע נאַרישקייטן". ער האָט אַרויפֿגעלייגט דעם לינקן פֿוס אויפֿן שווערן שטריק, וואָס די לינקע האַנט האָט געהאַלטן און זיך אָנגעלענט אויפֿן רוקן.

"גאָט זאָל מיר העלפֿן, אַז דער קראַמף זאָל אַוועקגיין", האָט ער געזאָגט, "ווײַל איך ווייס ניט, וואָס דער פֿיש וועט טאָן."

ער איז אָבער, ווײַזט אויס, רויִק, האָט ער געטראַכט, און ער פֿירט אויס זײַן פּלאַן. נאָר וואָס איז זײַן פּלאַן, האָט ער געטראַכט, און וואָס איז מײַן פּלאַן? מײַנעם מוז איך צופּאַסן צו זײַנעם צוליב זײַן גרייס, זײַן פֿאַרנעם און זײַן גבֿורה. אויב ער וועט אַ שפּרונג טאָן, קען איך אים דערהרגענען. נאָר ער וויל גאָרניט אַרויסקריכן פֿון דער טיפֿעניש, ווי ער וואָלט דאָרט געוואָלט פֿאַרבלײַבן אויף אייביק. אויב אַזוי, וועל איך מיט אים פֿאַרבלײַבן אונטן אויף אייביק.

ער האָט געריבן די פֿאַרקרעמפּעוועטע האַנט אָן די הויזן און געפּרוּווט מאַסאַזשירן די פֿינגער, נאָר זיי האָבן זיך ניט געוואָלט עפֿענען. אפֿשר וועלן זיי זיך עפֿענען קעגן דער זון, האָט ער געטראַכט. אפֿשר וועלן זיי זיך עפֿענען, ווען די טונאַ וועט זיין פֿאַרדייעט. ווען איך וועל דאַרפֿן, וועל איך זיי עפֿענען, וויפֿל עס זאָל מיך ניט קאָסטן. איך וויל זיי אָבער ניט עפֿענען איצט מיט צוואַנג, זאָלן זיי זיך אַליין

# דער אַלטער
# און
# דער ים

עפּענען מיטן אייגענעם ווילן. כ׳האָב שוין פֿאַרגעסן, אַז איך האָב זיי צו שלעכט באַהאַנדלט דורך דער נאַכט, ווען איך האָב געדאַרפֿט אויפֿפּלאָנטערן און צונויפֿקניפּן די אַלע שטריק.

ער האָט געקוקט אויפֿן ים און איַינגעזען, אויף ווי ווײַט ער איז איצט אַליין. ער האָט אָבער געקענט זען די פּריזמעס אין טיפֿן, פֿינצטערן וואַסער און דעם שטריק, וואָס האָט זיך געצויגן פֿאָרויס, און די אויסטערלישע כוואַליעדיקע שטילקייט. די וואָלקנס האָבן אָנגעהויבן געשוואָלן צו ווערן פֿון ווינט און ער האָט געזען אַ טשאַטע ווילדע קאַטשקעס אָפּגעשלאָגן אויפֿן הימל איבערן וואַסער — ווי זיי ווערן פֿאַרשווונדן און באַווײַזן זיך ווידער, און ער האָט געוווּסט, אַז אויפֿן ים איז קיינער ניט אַליין.

ער האָט געטראַכט, אַז טייל מענטשן האָבן מורא צו זײַן ווײַט אַוועק פֿון לאַנד אין אַ קליין שיפֿל און ער איז געקומען צום אויספֿיר, אַז זיי זענען גערעכט, אויב ס׳איז אַ פֿראַגע פֿון חדשים פֿון אומאויפֿהערלעכן שלעכטן וועטער. נאָר איצטער זענען געווען די שטורעם־חדשים. און ווען עס זענען ניטאָ קיין שטורעמס, איז דאָס וועטער פֿון די שטורעם־חדשים דאָס סאַמע בעסטע פֿון גאַנצן יאָר.

ווען עס קומט אַן אוראַגאַן, און מען געפֿינט זיך אויפֿן ים, זעט מען שטענדיק די סימנים אויפֿן הימל מיט טעג פֿריִער. אויפֿן ברעג זעט מען עס ניט, ווײַל מען ווייסט ניט אויף וואָס מען קוקט אַרויס, האָט ער געטראַכט. אויפֿן לאַנד איז אויך אַנדערש אין דער אויסוועלבונג פֿון די וואָלקנס. נאָר איצט קומט ניט קיין אוראַגאַן.

## ערנעסט
## העמינגוועי

ער האָט געקוקט אויפֿן הימל און געזען די ווײַסע וואָלקנדלעך אין דער הייך ווי דינינקע פֿעדערלעך פֿון וואָלקנשוים, אָפּגעשלאָגן אויפֿן הויכן סעפּטעמבערדיקן הימל.

„אַ לײַכט ווינטל", האָט ער געזאָגט. „אַ בעסער וועטער פֿאַר מיר, ווי פֿאַר דיר, פֿיש".

די לינקע האַנט איז נאָך אַלץ געווען פֿאַרקרעמפּט, נאָר ס׳האָט זיך ביסלעכווײַז אָנגעהויבן אויפֿצוקניפּן.

כ׳האָב פֿײַנט אַ קראַמף, האָט ער געטראַכט. ס׳איז גלײַך ווי אַ פֿאַר־ראַט פֿון אייגענעם גוף. ס׳איז אַ בושה און אַ חרפּה צו לאַקסירן פֿון פֿאַרסמטע שפּײַזן אָדער צו ברעכן דערפֿון. נאָר אַ קראַמף — ער האָט עס גערופֿן אויף שפּאַניש „קאַלאַמברע", — דאָס דערנידעריקט און באַליידיקט, ספּעציעל ווען דו ביסט אַליין.

ווען דאָס ייִנגל וואָלט דאָ געווען, וואָלט ער עס מיר געקענט גוט אײַנרײַבן און לײַכטער מאַכן דאָס האַרטקייט פֿון די אָרעמס, האָט ער געטראַכט. נאָר ס׳וועט שוין אַליין נאָכלאָזן.

דערנאָך האָט ער מיט דער רעכטער האַנט געפֿילט דאָס אַנדערש־קייט אין דעם ציִ פֿון שטריק, איידער ער האָט געזען די ענדערונג אין וואַסער. אָנהאַלטנדיק דעם שטריק, האָט ער אַ זעץ געטאָן די לינקע האַנט אויף דער היפּט און געזען ווי דער שטריק הייבט זיך פּאַמעלעך אויף אַ ביסל העכער.

„ער קומט אַרויף", האָט ער געזאָגט „ריר זיך, האַנט, איך בעט דיך, קום צו זיך".

# דער אַלטער
# און
# דער ים

דער שטריק האָט זיך אויפגעהויבן פּאַמעלעך און געלאָסן און דער־נאָך איז דער אייבערפלאַך פון וואַסער נאָענט צום שיפל פּלוצעם אָנ־געשוואָלן געוואָרן און דער פיש איז אַרויסגעקומען. ער האָט גע־בליאַסקעט אין דער זון און זיין קאָפּ און רוקן זענען פּערפלדיק און אין דער זון זענען די שטרייפן פון זיינע זייטן געווען ברייט און ליכ־טיק געל. זיין שווערד איז געווען לאַנג ווי אַ בייסבאָל־פּאַלקע און פאַרשפּיצט ווי אַ שפּיז. ער האָט אויפגעהויבן זיין גאַנצע לענג פון וואַסער און זיך צוריק אַרונטערגעגליטשט ווי אַ געניטער טויכער, און דער אַלטער האָט געזען, ווי דער גרויסער עק האָט זיך ווי אַ קאָסע אונטערגעטונקען און דער שטריק האָט אָנגעהויבן אַרויפצוּיאָגן.

״ער איז מיט צוויי פוס לענגער פון שיפל״, האָט דער אַלטער גע־זאָגט. דער שטריק איז פעסט אַרויסגעקומען, נאָר דער פיש איז ניט געווען איבערגעשראָקן. דער אַלטער האָט געפּרוווט האַלטן דעם שטריק מיט אַלע כּוחות. ער האָט געוווּסט, אַז אויב ער וועט ניט קענען איינהאַלטן אַ ביסל דעם פיש מיט אַ כּסדרדיקן דרוק, וועט דער פיש קענען אַרויסציִען דעם גאַנצן שטריק און מאַכן אַ תּל פון אים.

דאָס איז אַ גרויסער פיש, האָט ער געטראַכט. און כ׳טאָר ניט דער־לאָזן, ער זאָל זיך דערוויסן, ווי שטאַרק ער איז, אָדער, וואָס ער וואָלט געקענט אויפטאָן, ווען ער לאָזט זיך אָפּ אין געלאַף. איך אויף זיין אָרט וואָלט איצט אויסגענוצט אַלע כּוחות, ביז עפּעס וואָלט זיך אײַ־בערגעבראָכן. נאָר, דאַנקען גאָט, וואָס זיי זענען ניט אַזוי אינטעלי־גענט ווי מיר, וואָס הרגענען זיי — כאָטש זיי זענען נאָבעלער און פעִיקער.

## ערנעסט
## העמינגוועי

דער אַלטער האָט געהאַט געזען אַ סך גרויסע פֿיש אין זײַן לעבן. ער האָט געזען אַ סך פֿיש, וואָס האָבן געוויגן אַריבער טויזנט פֿונט און האָט אַפֿילו געכאַפּט צוויי פֿון דעם מין אין זײַן לעבן, נאָר קיין מאָל ניט איינער אַליין. איצטער ווען ער איז געווען אַליין און ווײַט אַוועק פֿון לאַנד, האָט ער געהאַלטן בײַם כאַפּן דעם גרעסטן פֿיש, וואָס ער האָט ווען ניט איז געזען אָדער געהערט. אָבער די לינקע האַנט איז נאָך אַלץ געווען פֿאַרהאַרטעוועט ווי די קלאָען בײַ אַן אָדלער.

דער קראַמף וועט אָבער אָפּלאָזן, האָט ער געטראַכט. עס וועט זיכער אָפּלאָזן און מײַן רעכטע האַנט וועט קומען צו זיך. עס זענען דאָ דרײַ זאַכן וואָס זענען ברידער: דער פֿיש און מײַנע צוויי הענט. דער קראַמף מוז אָפּלאָזן. עס פּאַסט ניט פֿאַר איר צו זײַן אַזוי פֿאַרהאַרטעוועט. דער פֿיש האָט זיך דערווײַל ווידער אײַנגעשטילט און איז געשווומען פּאַמעלעך ווי פֿריִער.

איך וואָלט געוואָלט וויסן, פֿאַר וואָס ער איז אויפֿגעשפּרונגען, האָט דער אַלטער געטראַכט. ער האָט געטאָן, גלײַך ווי ער וואָלט מיר געוואָלט ווײַזן, ווי גרויס ער איז. איך ווייס שוין איצט סײַ ווי סײַ, האָט ער געטראַכט. הלוואי וואָלט איך אים געקענט ווײַזן, וואָס פֿאַר אַ מין מענטש איך בין. אָבער דעמאָלט וואָלט ער געזען מײַן פֿאַרקרעמפּטע האַנט. זאָל ער מיינען, אַז איך בין מער מענטש ווי איך בין און עס וועט אפֿשר זײַן אמת. הלוואי וואָלט איך געווען דער פֿיש, האָט ער געטראַכט, מיט אַלץ וואָס ער פֿאַרמאָגט, אַחוץ מײַן ווילן און שׂכל.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

ער האָט זיך אָפּגערוט אַ ביסל, אָנגענומען זײַנע לײדן באַהבֿה און דער פֿיש איז זיך װײַטער געשװוּמען געלאַסן און דאָס שיפֿל האָט זיך פּאַמעלעך געגליטשט איבערן טונקעלן װאַסער. דער װינט האָט זיך געהויבן פֿון מזרח און מיטאַגצײַט האָט זיך דעם אַלטנס לינקע האַנט באַפֿרײַט פֿון קראַמף.

„כ'האָב אַ שלעכטע בשורה פֿאַר דײַנעט װעגן, פֿיש", האָט ער געזאָגט און איבערגעדרייט דעם שטריק איבער די זעק װאָס האָבן צוגעדעקט די אַקסלען.

ער האָט זיך געפֿילט רויִק באַקװעם, נאָר אַלץ נאָך געהאַט די װײטיקן, כאָטש ער האָט זיי ניט געװאָלט צולאָזן צו זיך.

„איך בין ניט קיין רעליגיעזער מענטש", האָט ער געזאָגט. „נאָר איך װעל זאָגן צען מאָל אָװע מאַריאַ, גאָט זאָל מיך לאָזן כאַפּן דעם פֿיש..."

ער האָט אָנגעהויבן שטיל צו בעטן ביי גאָט... מיט אַ מאָל איז ער געװאָרן אַזוי מיד, אַז ער האָט ניט געקענט געדענקען די תּפֿילות און זיי גיך אַרויסגעשעפּטשעט, כּדי זיי זאָלן קומען פֿון זיך אַליין.

װען ער איז פֿאַרטיק געװאָרן מיט די תּפֿילות, האָט ער זיך געפֿילט אַ סך בעסער. אָבער נאָך אַלץ געהאַט די זעלבע װייטיקן און אפֿשר אַ ביסל מערער. האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אין האָלץ פֿון שיפֿבויגן און אָנגעהויבן מעכאַניש צו רײַבן די פֿינגער פֿון דער לינקער האַנט.

די זון איז איצט געװען הייס, כאָטש ס'האָט זיך געהויבן אַ װינטל.

## ערנעסט
## העמינגוועי

"לאָמיר בעסער צוטשעפּען אַ נײַ לאָקערפּישל צום קליינעם שטריקל פֿון דער אַנדערער זײַט שיפֿל", האָט ער געזאָגט. "אויב דער פֿיש וועט באַשליסן צו פֿאַרבלײַבן נאָך אַ נאַכט, וועל איך נאָך אַ מאָל דאַרפֿן עסן און ס'איז דאָ זייער ווייניק וואַסער אין פֿלאַש. כ'גלייב ניט, צי איך וועל דאָ קענען כאַפּן עפּעס בעסערס פֿון אַ דעלפֿין. נאָר אויב איך וועל אים עסן, ווען ער איז נאָך פֿריש, וועט עס זײַן ניט שלעכט. הלוואי וואָלט זיך הײַנט נאַכט דאָ געיאַוועט אַ פֿליפֿישל. איך האָב אָבער ניט קיין ליכט זיי צוצוציִען. אַ פֿליפֿיש איז גאָר גוט צו עסן רויערהייט און איך וועל אים ניט דאַרפֿן צעשנײַדן. איך מוז איצט אָפּהיטן אַלע מײַנע כּוחות. גאָטעניו, איך האָב גאָרניט געוווּסט, אַז ער איז אַזוי גרויס".

"איך וועל אים אָבער דערהרגענען", האָט ער געזאָגט. "ווי גרויס און גלאָררײַך ער זאָל ניט זײַן".

ניט געקוקט אויף דעם וואָס ס'איז אומגערעכט, האָט ער געטראַכט. איך וועל אים אָבער ווײַזן, וואָס אַ מאַן קען אַלץ אויפֿטאָן און וואָס אַ מאַן קען אַריבערטראָגן.

"איך האָב געזאָגט דעם ייִנגל, אַז איך בין אַ מאָדנער אַלטער מאַן, איצט איז געקומען די צײַט דאָס צו באַווײַזן".

די טויזנטער מאָל, וואָס ער האָט עס באַוויזן, האָבן ניט געהאַט קיין שום באַטײַט. איצטער באַווײַזט ער עס נאָך אַ מאָל. יעדעס מאָל איז אַן אַנדער מאָל און ער האָט קיין מאָל ניט געטראַכט פֿון דער פֿאַר־גאַנגענהייט.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

הלוואי וואָלט ער געשלאָפֿן, דער פֿיש, און איך וואָלט געקענט שלאָפֿן און חלומען פֿון די לייבן, האָט ער געטראַכט. פֿאַר וואָס זענען די לייבן די איינציקע גוטע זאַכן, וואָס זענען מיר איבערגעבליבן? טראַכט ניט, אַלטיטשקער, האָט ער זיך אַליין געזאָגט. רו זיך אויס אויפֿן האָלץ און טראַכט פֿון גאָרניט. ער רוט ניט. דו אַרבעט וואָס ווייניקער.

ס'איז שוין געווען נאָכמיטאָג און דאָס שיפֿל האָט זיך נאָך אַלץ אַזוי געגליטשט פּאַמעלעך און געלאַסן. נאָר דאָס מזרח־ווינטל האָט עס אַ ביסל מער געשטופּט און דער אַלטער האָט קוים געפֿילט דעם וויטיק פֿון שטריק אויף זײַן רוקן.

איין מאָל אין נאָכמיטאָג האָט דער שטריק ווידער אָנגעהויבן זיך אויפֿצוהייבן. דער פֿיש איז אָבער ווײַטער געשווומען אויף אַ ביסל אַ העכערן פֿלאַך. די זון איז געווען אויפֿן אַלטנס לינקן אָרעם און אַקסל און אויף זײַן רוקן. דעריבער האָט ער געוווּסט, אַז דער פֿיש האָט זיך פֿאַרקערעוועט צו מזרח פֿון צפֿון.

איצטער אַז ער האָט אים שוין איין מאָל געזען, האָט ער זיך גע־קענט אויסמאָלן, ווי דער פֿיש שווימט אין וואַסער מיט זײַנע ברייטע פֿלוספֿעדערן און ווי דער גרויסער עק שנײַדט דורך די פֿינצטער־ניש. איך בין אַ בעלן צו וויסן, וואָס ער זעט אַלץ אין אָט דער טיפֿע־ניש, האָט דער אַלטער געטראַכט. זײַן אויג איז ריזיק גרויס, און אַ פֿערד מיט אַ סך אַ קלענער אויג קען זען אין דער פֿינצטער. אַ מאָל האָב איך אויך געקענט זען אַזוי גוט אין דער פֿינצטער. ניט אין דער געדיכטער פֿינצטערניש. נאָר כמעט ווי אַ קאַץ.

# ערנעסט העמינגוועי

די זון און די באַוועגונגען פֿון זײַנע פֿינגער האָבן איצט געהאַט אויפֿגעלייזט דעם קראַמף פֿון זײַן לינקער האַנט און ער האָט אָנגע־הויבן אַריבערצונעמען אין איר מער געוויכט און געהויבן די מוסקלען פֿון זײַן פּלייצע אָפּצורוקן אַ ביסל דעם ווייטיק פֿון שטריק.

″אויב דו ביסט ניט מיד, פֿיש″, האָט ער געזאָגט אויף אַ קול, ″מוזסטו זײַן גאָר אַ טשיקאַווע באַשעפֿעניש″.

ער איז איצט געווען זייער מיד און האָט געוווּסט, אַז די נאַכט וועט באַלד צופֿאַלן און געפּרוּווט טראַכטן פֿון אַנדערע זאַכן. ער האָט געטראַכט פֿון די גרויסע ″בייסבאָל־ליגס″, וואָס בײַ אים זענען זיי געווען די ″גראַן ליגאַס″, און ער האָט געוווּסט, אַז די יענקיס פֿון ניו־יאָרק האָבן געשפּילט מיט די ″טאַיגערס″ פֿון דעטראָיט.

ס'איז שוין דער צווייטער טאָג, אַז איך ווייס ניט דעם אויסגאַנג פֿון די פֿאַרמעסטן, האָט ער געטראַכט. איך מוז זיך אָבער פֿאַרלאָזן אויף דעם גרויסן די־מאַדזשיאָ, וואָס טוט אַלץ פּערפֿעקט, אַפֿילו ווען עס טוט אים ווײ דער ביינשפּאָרן אין דער פּיאַטע. וואָס איז אַ ביינ־שפּאָרן? האָט ער זיך געפֿרעגט. אַ קנאָכן־שפּאָרן. מיר האָבן גאָרניט אַזוינס. קען עס ווײ טאָן אַזוי שטאַרק ווי דער שפּאָרן פֿון אַ קאַמפֿהאָן אין דער פּיאַטע? איך גלייב ניט, צי איך וואָלט עס געקענט אויס־האַלטן, אָדער פֿאַרלירן אַן אויג צי ביידע אויגן און ווײַטער אָנגיין מיטן קאַמף ווי הענער. אַ מענטש איז גאָרניט אין פֿאַרגלייך מיט גרויסע פֿייגל און חיות. און דאָך וואָלט איך גיכער געוואָלט זײַן די חיה דאָ אונטן אין דער פֿינצטער פֿון ים.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

„סײַדן עס װעלן קומען הײַפֿיש", האָט ער הויך געזאָגט. „אויב הײַפֿיש װעלן קומען, זאָל זיך גאָט מרחם זײַן אויף אים און אויף מיר".

װי מײנסטו, דער גרויסער די־מאַדזשיאָ װאָלט פֿאַרבליבן אַזוי לאַנג מיט אַ פֿיש װי איך װעל בלײַבן מיט אָט דעם דאָ? האָט ער געטראַכט. איך בין זיכער, אַז יאָ, ער איז ייִנגער און שטאַרקער און זײַן פֿאָטער איז געװען אַ פֿישער. נאָר װאָלט דער בײנשפּאָרן אים שטאַרק װײ געטאָן?

„איך װײס ניט", האָט ער הויך געזאָגט. „איך האָב קײן מאָל ניט געהאַט אַזאַ זאַך".

װען די זון האָט זיך געזעצט, האָט ער זיך דערמאַנט, כּדי זיך אָנצוגורטן מיט מער מוט, אין דער שענק אין קאַסאַבלאַנקאַ, װען ער האָט זיך געבאָרעט מיט דעם גרויסן נעגער פֿון סיענפֿועגאָס, דער שטאַרקסטער אין האַפֿן. זײ האָבן זיך געהאַט געראַנגלט אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט מיט די עלנבויגנס אויף אַ קרײַדליניע אויפֿן טיש.

אײנער האָט געװאָלט אַװעקלײגן דעם אַנדערנס האַנט אויפֿן טיש. מען האָט זיך אַ סך געװועט און מען האָט געהאַלטן אין אײן קומען און גײן פֿון צימערל מיט די נאַפֿטלעמפּלעך און ער האָט געקוקט אויפֿן אָרעם, אויף דער האַנט פֿון נעגער און אויפֿן נעגערס פּנים. אַלע פֿיר שעה האָט מען געביטן דעם רעפֿערי (אַנטשײדונגס־ריכטער), זײ זאָלן קענען כאַפּן אַ דרימל. בלוט האָט געשפּריצט פֿון אונטער די נעגל פֿון זײַנע און פֿון נעגערס הענט און זײ האָבן זיך געקוקט אין די אויגן און אויף די הענט, און די װאָס האָבן זיך געװועט, זענען געקומען און

## ערנעסט
## העמינגוועי

געגאַנגען און געזעסן אויף הויכע בענקלעך נאָענט צו דער וואַנט און זיך צוגעקוקט. די הילצערנע ווענט זענען געווען געפאַרבט ליכטיק בלוי, און די נאַפטלאָמפּן האָבן געוואָרפן שאָטנס. דעם נעגערס שאָטן איז געווען ריזיק גרויס און האָט זיך באַוועגט אויף דער וואַנט יעדעס מאָל ווען דער ווינט האָט באַוועגט די לאָמפּן.

אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געקאָרמעט דעם נעגער מיט רום און אים פאַררייכערט ציגאַרעטלעך. נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעטרונקען, האָט דער נעגער זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט און שיר ניט באַזיגט דעם אַלטן, וואָס איז דעמאָלט ניט געווען קיין אַלטער, נאָר "סאַנטיאַגאָ על קאַמפּעאָן". אָבער דער אַלטער האָט זיך ניט געלאָזט און איז געווען זיכער, אַז ער וועט באַזיגן דעם נעגער, וועלכער איז געווען אַ פֿײַנער מאַן און אַ געוואַלטיקער אַטלעט. אין דער פֿרי, ווען די געוועטערס האָבן פֿאַרלאַנגט, אַז עס זאָל דערקלערט ווערן אַ רעמי, האָט דער אַלטער מיט אַלע כּוחות אָוועקגעלייגט דעם נעגערס האַנט און איז אַרויס דער זיגער. דער פֿאַרמעסט האָט זיך געהאַט אָנגעהויבן אַ זונטיק אין דער פֿרי און זיך פֿאַרענדיקט אין אַ מאָנטיק אין דער פֿרי. אַ גרויסע צאָל געוועטערס האָבן געפֿאָדערט אַ רעמי, ווײַל זיי האָבן געדאַרפֿט גיין אַרבעטן אין האַפֿן, אָנלאָדן זעק מיט צוקער, אָדער אין דער האַוואַנע־קוילן־קאָמפּאַני. אַז ניט וואָלטן זיי אַלע געווען געוואָלט, עס זאָל קומען צו אַ סוף. נאָר ער האָט עס סײַ ווי פֿאַרענדיקט, אײדער זיי האָבן געדאַרפֿט גיין צו דער אַרבעט.

אַ לאַנגע צײַט נאָך דעם האָט יעדער איינער אים גערופֿן "דער טשעמפּיאָן" און אין פֿרילינג האָט מען דורכגעפֿירט אַ נײַעם פֿאַר־

# דער אַלטער
# און
# דער ים

מעסט. אָבער קיין סך געלט האָט מען ניט אײַנגעשטעלט אין געוועט און ער האָט זייער לײַכט געוווּנען, ווײַל ער האָט געהאַט אונטערגעגראָבן דעם נעגערס גלייבן אין זיך בײַם ערשטן פֿאַרמעסט. נאָך דעם האָט ער געהאַט נאָך עטלעכע פֿאַרמעסטן און אויס. ער האָט באַשלאָסן, אַז ער קען בײַקומען יעדן איינעם, אויב ער זאָל עס נאָר וועלן, אַז ס׳איז ניט גוט פֿאַר דער רעכטער האַנט, אויב מען וויל כאַפּן פֿיש. נאָר זײַן לינקע האַנט איז שטענדיק געווען אַ פֿאַררעטער און האָט ניט געטאָן, וואָס ער האָט געוואָלט, זי זאָל טאָן, און ער האָט זיך ניט געקענט פֿאַרלאָזן אויף איר.

די זון וועט זי איצט גוט אויסבאַקן, האָט ער געטראַכט. דער קראַמף וועט מער ניט אָנכאַפּן, סײַדן ס׳וועט ווערן זייער קאַלט אויף דער נאַכט. ווער ווייסט וואָס די נאַכט וועט ברענגען.

אַן עראָפּלאַן איז פֿאַרבײַגעפֿלויגן אין דער הייך אויפֿן וועג קיין מיאַמי, און ער האָט געזען, ווי דער שאָטן ראָיעט אויף און שרעקט איבער די טשאַטעס פֿליִענדיקע פֿיש.

„צווישן אַזוי פֿיל פֿליפֿיש מוז זײַן אַ דעלפֿין" — האָט ער געזאָגט און זיך אָנגעלענט אויפֿן שטריק צו זען, אויב ס׳איז מעגלעך צוצוגעווינען עפּעס אויף זײַן פֿיש. ער האָט עס אָבער ניט געקענט טאָן. דאָס שיפֿל האָט זיך ווײַטער פּאַמעלעך געגליטשט און ער האָט נאָכגעקוקט דעם עראָפּלאַן ביז ער איז פֿאַרשוווּנדן.

ס׳מוז זײַן זייער מאָדנע אין אַן עראָפּלאַן, האָט ער געטראַכט. כ׳בין נײַגעריק, ווי דער ים זעט אויס פֿון אַזאַ הייך? ווען זיי זאָלן ניט

## ערנעסט
## העמינגוועי

פליִען צו הויך, וואָלטן זיי אַוודאי גאָר גוט געקענט זען די פיש. איך וואָלט געוואָלט פליִען זייער פאַמעלעך צוויי הונדערט קלאַפטער די הייך און זען די פיש פון אויבן. אין די טשערעפּאַכע־שיפלעך בין איך געווען בײַם מאַסטבוים און אַפילו פון יענער הייך האָב איך זיי ניט געקענט זען. די דעלפינען זעען אויס גרינער פון דאָרטן און מען קען זען זייערע שטרײַפן און זייערע פורפּורנע פלעקן, בעת זיי שווימען. פאַר וואָס האָבן אַלע גיכע פיש פון פינצטערן שטראָם פּערלדיקע רוקנס און פּערלשטרײַפן אָדער פלעקן? דער דעלפין זעט אויס גרין, פאַר־שטייט זיך, ווײַל ער איז אויף אַן אמתן גאָלדיק. נאָר ווען ער קומט פרעסן, אַ פאַרהלשטער, באַווײַזן זיך פּערפּלשטרײַפן אויף זײַן זײַט ווי בײַם שפּיזפיש. איז עס צוליב כעס, אָדער קומט עס אַרויס פון אײַ־לעניש?

איידער ס'איז געוואָרן טונקל, בעת זיי האָבן זיך פאַרבײַגעגליטשט אַ גרויס אינדזעלע פול מיט סאַרגאַסאָ־געוויקסן, וואָס האָבן זיך גע־הויבן אין ליכטיקן וואַסער, גלײַך ווי דער ים וואָלט געשפּילט אַ ליבע מיט עפּעס אונטערן געלן צודעק, האָט אַ דעלפין זיך פאַרטשעפּעט אין זײַן קליינעם שטריק. ער האָט אים צו ערשט דערזען ווען ער האָט אַ שפּרונג געטאָן אין דער לופט — אמתדיק גאָלד אין די לעצטע שטראַלן פון דער זון, בייגנדיק זיך און פלאַטערנדיק ווילד אין דער לופטן. ער איז עטלעכע מאָל אויפגעשפּרונגען איבערגעפולט פון פחד. דער אַלטער האָט זיך צוגערוקט און אָנגעכאַפּט דעם גרויסן שטריק מיט דער רעכטער האַנט און אַרײַנגעצויגן דעם דעלפין מיט דער לינקער האַנט, ער האָט דערבײַ צוגעטרעטן די שטריק מיטן פוס.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם גאָלדענעם פֿיש מיט די פּערפּלפֿלעקן, מיט דעם קאָנוולסיוון פּיסק, וואָס האָט אָפּגעביסן שפּייז פֿון האָקן און געקלאַפּט מיטן לאַנגן פֿלאַכן גוף אויפֿן הינטערטייל פֿון שיפֿל, מיטן עק און מיטן קאָפּ. דער אַלטער האָט אַראָפּגעלאָזט די פּאַלקע אויפֿן גאָלדענעם קאָפּ און דער פֿיש האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן און שטיל געוואָרן.

דער אַלטער האָט אַראָפּגענומען דעם פֿיש פֿון האָקן, צוגעטשעפּעט אַ פֿריש סאַרדינקעלע און אַריבערגעוואָרפֿן דעם שטריק. ער האָט אָפּגעוואַשן די לינקע האַנט און זי אָפּגעווישט אין די הויזן. דערנאָך האָט ער אַריבערגעוואָרפֿן דעם שווערן שטריק פֿון זײַן רעכטער האַנט צו דער לינקער און אָפּגעוואַשן די רעכטע האַנט אין ים, צוקוקנדיק ווי די זון גייט אונטער.

„ער איז גאָרניט געוואָרן אַנדערש“, האָט ער געזאָגט. נאָר קוקנדיק אויף די באַוועגונגען פֿון וואַסער, האָט ער באַמערקט, אַז ס'איז אַ סך רויִקער, פּאַמעלעכער.

„איך וועל צובינדן די צוויי רודערס צום הינטערטייל פֿון שיף און דאָס וועט אים איַנהאַלטן דורך דער נאַכט“, האָט ער געזאָגט. „ער וועט אַזוי בלײַבן די גאַנצע נאַכט, אַזוי ווי איך.“

ס'וואָלט געווען בעסער צו עסן דעם דעלפֿין אַ ביסל שפּעטער כדי צו פֿאַרהאַלטן דאָס בלוט אין פֿלייש, האָט ער געטראַכט. איך קען עס טאָן אַ ביסל שפּעטער און אין דער זעלבער צײַט צוזאַמענבינדן די רודערס. ס'איז בעסער, אַז דער פֿיש זאָל זײַן שטיל איצט בײַם זונ־

ערנעסט
העמינגוועי

פֿאַרגאַנג. דאָס אונטערגיין פֿון דער זון איז אַ שווערע צײַט פֿאַר אַלע פֿיש.

ער האָט געלאָזט די האַנט אויסטריקענען אין דער לופֿט און דער־נאָך אָנגעכאַפּט דעם שטריק און זיך באַרויִקט אַזוי ווײַט ווי מעגלעך, און זיך געלאָזט שלעפּן פֿאָרויס קעגן האָלץ אַזוי אַז דאָס שיפֿל האָט גענומען פֿיל מער געוויכט פֿון אים.

איך לערן זיך אויס ווי דאָס צו טאָן, האָט ער געטראַכט. דעם טייל, סײַ ווי. דאַרפֿסט אויך געדענקען, אַז ער האָט ניט געגעסן, פֿון זינט ער האָט פֿאַרצוקט די לאָקערפֿיש און ער איז ריזיק גרויס און דאַרף אַ סך שפּײַז. מאָרגן וועל איך עסן דעם דעלפֿין. ער האָט אים גערופֿן "דאָראַדאָ". אפֿשר זאָל איך עסן אַ ביסל ווען איך וועל אים אָרומ־טרייבערן. ס'וועט זײַן שווערער צו עסן ווי די טונאַ, נאָר קיין שום זאַך קומט ניט אָן גרינג.

"ווי אַזוי פֿילסטו זיך, פֿיש ?" האָט ער געפֿרעגט אויף אַ קול. "איך פֿיל זיך גוט און מײַן לינקע האַנט איז אַ סך בעסער און איך האָב גענוג שפּײַז פֿאַר אַ נאַכט און אַ טאָג. שלעפּ דאָס שיפֿל, פֿיש, שלעפּ".

אין דער אמתן האָט ער זיך אָבער גאָרניט געפֿילט גוט, ווײַל דער ווייטיק פֿון שטריק איבער דער פּלייצע איז כּמעט אַריבער די גרענעץ פֿון ווייטיק צו אַ מין טעמפּקייט, וואָס ער האָט זיך ניט פֿאָרגע־שטעלט. איך האָב געהאַט ערגערע זאַכן פֿון דעם, האָט ער געטראַכט. מײַן האַנט איז בלויז אַ ביסל צעשניטן און דער קראַמף איז אַוועק פֿון דער אַנדערער האַנט. מײַנע פֿיס זענען נישקשה. איך האָב איצט אויך די איבערהאַנט איבער אים וואָס שײַך דערנערונג.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

ס'איז איצט געווען פֿינצטער, ווי ס'ווערט גיך פֿינצטער נאָך דעם ווי די זון זעצט זיך אין סעפּטעמבער. ער איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אין אַלטן האָלץ פֿון שיפֿבויגן און זיך אָפּגערוט אויף ווי ווײַט ער האָט געקענט. די ערשטע שטערן האָבן זיך באַוויזן. ער האָט ניט געוווּסט זייערע נעמען, נאָר געוווּסט, אַז זיי וועלן אַרויסקומען און ער וועט ווידער האָבן זײַנע ווײַטע פֿרײַנד.

„דער פֿיש איז אויך מײַן פֿרײַנד", האָט ער הויך געזאָגט. „איך האָב קיין מאָל ניט געזען אָדער געהערט פֿון אַזאַ פֿיש. נאָר דערהרגע־נען מוז איך אים. איך בין צופֿרידן, וואָס מיר מוזן זיך ניט פּאַרמעסטן צו דערהרגענען די שטערן".

שטעל דיר פֿאָר, ווען יעדן טאָג וואָלט אַ מענטש געוואָלט דער־הרגענען די לבֿנה, האָט ער געטראַכט. די לבֿנה לויפֿט אַוועק. שטעל דיר אָבער פֿאָר, ווען אַ מענטש וואָלט יעדן טאָג וועלן דערהרגענען די זון? מיר זענען געבוירן געוואָרן בר־מזלס, האָט ער געטראַכט.

דערנאָך האָט ער רחמנות געהאַט אויפֿן גרויסן פֿיש, וואָס האָט גאָרניט געהאַט צום עסן, און זײַן חשק און ווילן אים צו דערהרגענען איז ניט געמינערט געוואָרן אויף אַ האָר, פּונקט ווי זײַן רחמנות אויף אים איז געבליבן דאָס זעלבע. וויפֿל מענטשן וועט ער שפּײַזן, האָט ער געטראַכט. נאָר האָבן זיי דען די ווערט אים צו עסן, זענען זיי ראוי דערצו? ניין, זיכער ניט. קיינער איז ניט ראוי אים צו עסן — לויטן אופֿן ווי ער פֿירט זיך אויף און לויט זײַן ווערדע.

איך פֿאַרשטיי ניט אָט די זאַכן, האָט ער געטראַכט. נאָר ס'איז גוט, וואָס מיר דאַרפֿן זיך ניט פּאַרמעסטן צו דערהרגענען די זון אָדער די

לבֿנה אָדער די שטערן. ס׳איז גענוג צו לעבן אויפֿן ים און דערהרגע־נען אונדזערע אמתע ברידער.

איצטער, האָט ער געטראַכט, מוז איך געדענקען וועגן דער נעץ. ס׳איז דאָ אי גוטע זײַטן אי שלעכטע זײַטן. איך קען פֿאַרלירן אַזוי פֿיל שטריק, אַז איך זאָל אויך אים פֿאַרלירן, אויב ער וועט זיך צו פֿיל אָנשטרענגען און די ״נעץ״ געמאַכט פֿון רודערס איז אין פּלאַץ, און דאָס שיפֿל וועט פֿאַרלירן דאָס גאַנצע לײַכטקייט. דאָס לײַכטקייט פֿאַר־לענגערט אונדזערעביידנס ליידן, נאָר ס׳איז מײַן זיכערקייט, ווײַל ער האָט אַ סך גיכקייט אין זיך, וואָס ער האָט נאָך ניט אויסגענוצט. וואָס עס זאָל ניט געשען, מוז איך צעטרייבערן דעם דעלפֿין, ער זאָל ניט קאַליע ווערן, און עסן אַ ביסל כּדי זיך צו שטאַרקן.

איצט וועל איך רוען נאָך אַ שעה און זען, אַז דער פֿיש איז געזונט און שטאַנדהאַפֿט, איידער איך קער זיך אום צום הינטערשטן טייל שיף און טו מײַן אַרבעט און דערגרייך מײַן ציל. דערווײַל קען איך זען, ווי ער פֿירט זיך אויף און צי ער ווײַזט וועלכע ניט איז ענדערונגען. די רודערס זענען אַ גוטער טריק. אָבער ס׳איז געקומען די צײַט צו גיין אויף אַ זיכערן וועג. ער איז נאָך גענוג פֿיש, דער האָקן איז אין אַ ווינקל פֿון מויל און ער האַלט דאָס מויל פֿאַרמאַכט. די פּײַן פֿון האָקן איז גאָרניט מיט גאָרניט. דער הונגער און דאָס וואָס ער איז אויסגעזעצט אויף עפּעס וואָס ער קען ניט פֿאַרשטיין, דאָס איז די הויפּטזאַך.

רו זיך איצט אָפּ, אַלטיטשקער, און לאָז אים אַרבעטן, רו זיך אָפּ.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך אַזוי אָפּגערוט אַרום צוויי שעה. די לבֿנה איז ניט אַרויס ביז שפּעט. ער האָט ניט געוווּסט וויפֿל ס'איז דער זייגער. ער האָט אויך ניט גערוט ווי עס דאַרף צו זײַן. ער האָט נאָך אַלץ געטראָגן אויף זיך דאָס שלעפּעניש פֿון פֿיש איבער זײַנע אַקסל, נאָר ער האָט אַוועקגעלייגט זײַן לינקע האַנט אויף דער זײַט פֿון שיף און זיך פֿאַרלאָזט אַלץ מער און מער אויף דעם ווידערשטאַנד פֿון דעם שיפֿל גופֿא.

ווי פּשוט וואָלט עס געווען, ווען ער זאָל קענען באַפֿלאָזן דעם שטריק, האָט ער געטראַכט. נאָר מיט איין קליינעם שלעפּ קען ער אַלץ צעברעכן. איך מוז אונטערבעטן דעם צי פֿון שטריק מיט מײַן גוף און די גאַנצע צײַט זײַן גרייט נאָכצוגעבן דעם שטריק מיט ביידע הענט.

„ביסט דאָך אָבער נאָך גאָרניט געשלאָפֿן, אַלטיטשקער", האָט ער הויך געזאָגט. „ס'איז אַוועק אַ האַלבער טאָג און אַ נאַכט און איצט נאָך אַ טאָג און דו ביסט נאָך אַלץ ניט געשלאָפֿן. דו מוזסט עפּעס זען צו טאָן, אַז דו זאָלסט קענען שלאָפֿן אַ ביסל, בעת ער האַלט זיך אַזוי שטיל. אויב דו וועסט ניט שלאָפֿן, וועט דיר נאָך דער קאָפּ ווערן צעמישט".

„דער קאָפּ איז מיר נאָך גענוג קלאָר", האָט ער געטראַכט. צו קלאָר. „איך בין פּונקט אַזוי קלאָר ווי די שטערן, מײַנע ברידער. איך מוז אָבער פֿאָרט שלאָפֿן. זיי שלאָפֿן און די לבֿנה און די זון שלאָפֿן און אַפֿילו דער ים שלאָפֿט אַ מאָל אין געוויסע טעג, ווען ס'איז ניטאָ קיין שטאַרקער שטראָם און דער פֿלאַך איז רויִק."

# ערנעסט
# העמינגוועי

האָב אָבער אין זין אַז דו מוזסט שלאָפֿן, האָט ער געטראַכט. צווינג דיך דאָס צו טאָן און טראַכט צו אַ פּשוטן און זיכערן וועג וואָס צו טאָן מיט די שטריק. איצט גיי און צעטרייבער דעם דעלפֿין. ס׳איז צו געפֿערלעך צו מאַכן אַ געשטעל פֿון די רודערס, אויב דו ווילסט שלאָפֿן.

איך קען זיך באַגיין אָן שלאָף, האָט ער זיך אַליין פֿאַרזיכערט. ס׳וועט אָבער זײַן צו געפֿערלעך.

ער האָט גענומען קריכן אויף די הענט און פֿיס צום הינטערטייל פֿון שיפֿל, פֿאָרזיכטיק, ער זאָל ניט אַ שלעפּ טאָן דעם פֿיש. קען זײַן, אַז ער אַליין איז האַלב אײַנגעשלאָפֿן, האָט ער געטראַכט. איך וויל אָבער ניט, אַז ער זאָל רוען. ער מוז ציִען און שלעפּן, ביז עס וועלן זיך אים אויסלאָזן די כּוחות און ער וועט שטאַרבן.

צוריקקומענדיק צום הינטערשטן טייל פֿון שיפֿל, האָט ער זיך אויסגעדרייט אַזוי אַז די לינקע האַנט האָט געהאַלטן דאָס אָנגעצויגנקייט פֿון שטריק איבער די אַקסלען. ער האָט אַרויסגעצויגן דאָס מעסער פֿון שייד מיט דער רעכטער האַנט. די שטערן זענען איצט געווען אַזוי ליכטיק, אַז מ׳האָט געקענט קלאָר זען דעם דעלפֿין, און ער האָט אַרײַנגעשטעקט די שאַרף פֿון זײַן מעסער אין זײַן קאָפּ און אים אַרויסגעצויגן פֿון אונטער דעם אונטערשטן טייל שיפֿל. ער האָט אַרויפֿגעשטעלט אַ פֿוס און אים שנעל צעשפּאָלטן פֿון בויך ביז צום אונטערשטן קין. דערנאָך האָט ער אַוועקגעלייגט דאָס מעסער און אַרויסגענומען די געדערעם מיט דער רעכטער האַנט און אויסגערייניקט זײַנע בלאָזן. דער בויך איז געווען שווער און גליטשיק אין זײַנע הענט און

# דער אַלטער
# און
# דער ים

ער האָט אים אויפֿגעשניטן. צוויי פֿליפֿיש זענען געווען אין אינגעווייד. זיי זענען געווען פֿריש און האַרט און ער האָט זיי אַוועקגעלייגט איינס לעבן אַנדערן און אַוועקגעוואָרפֿן די קישקעס און די בלאָזן אין וואַסער אַרײַן. זיי זענען אַראָפּגעזונקען, איבערלאָזנדיק אַ פֿאָספֿאָרנעם אָפּ־שטראַל אין ים. דער דעלפֿין איז איצט געווען קאַלט און גרוי־ווײַס אין ליכט פֿון די שטערן און דער אַלטער האָט אָפּגעשיילט איין זײַט פֿון פֿיש, צוהאַלטנדיק דעם קאָפּ מיטן רעכטן פֿוס. דערנאָך האָט ער אים איבערגעקערט און אָפּגעשיילט די צווייטע זײַט און צעשניטןביידע זײַטן קאָפּ אַרונטער ביז צום עק.

ער האָט אַראָפּגעגליטשט דאָס געבליבענע אין וואַסער אַרײַן און אַראָפּגעקוקט, ער זאָל קענען זען, צי דאָס האָט אויפֿגערודערט דאָס וואַסער. ער האָט נאָר געזען דאָס ליכט פֿון פּאַמעלעכדיקן אַראָפּפֿאַל. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַרײַנגעלייגט די צוויי פֿליפֿיש צווישן די צוויי אויסגעהוילטע, אויסגעטרייבערטע דעלפֿינהעלפֿטן, און אַרײַנ־שטעקנדיק צוריק דאָס מעסער אין שייד, גענומען צוריקקריכן צום שיפֿבויגן. דער רוקן איז אים געווען אויסגעבויגן פֿון דער וואָגיקער שווערקייט פֿון שטריק און ער האָט געטראָגן דעם פֿיש אין דער רעכטער האַנט.

ער האָט אַוועקגעלייגט די צוויי האַלבע פֿיש אויפֿן האָלצברעט און די צוויי פֿליפֿיש דערנעבן. דערנאָך האָט ער איבערגערוקט דעם שטריק אויף אַן אַנדער אָרט. ער האָט אָפּגעוואַשן די פֿיש אין וואַסער, פֿילנדיק דאָס שטראָמיקייט אַרום זײַנע הענט. דער שטראָם איז ניט געווען אַזוי שטאַרק און ווען ער האָט געריבן די האַנט אויפֿן שיפֿ־

ערנעסט
העמינגוויי

פֿלאַנקען, האָבן זיך באַוויזן פֿאָספֿאָר־ברעקלעך אין וואַסער, וואָס זענען באַלד אַוועקגעשווומען.

„ס'איז איינס פֿון די ביידע“, האָט דער אַלטער געזאָגט. „אָדער ער ווערט מיד, אָדער ער רוט. לאָמיך פֿאַרטיק ווערן מיטן עסן, וועל איך זיך אָפּרוען אַ ביסל און כאַפּן אַ דרימל.“

אונטער די שטערן און אין דער נאַכט, וואָס איז געוואָרן אַלץ קעלטער, האָט ער געגעסן אַ העלפֿט פֿון איינע פֿון די דעלפֿינזײַטן און איינע פֿון די פֿליפֿישלעך, אויסגערייניקט פֿון די געדערעם און מיט אַן אָפּגעשניטן קעפּל.

„סאַראַ טײַערער פֿיש אַ דעלפֿין איז, ווען מע עסט אים אַן אָפּגעקאָכטן“, האָט דער אַלטער געזאָגט. „און ווי פּאַסקודנע ער איז רויערהייט. איך וועל זיך מער ניט אַרויסלאָזן מיט אַ שיפֿל אָן זאַלץ און אָן לימענעס“.

ווען איך וואָלט געווען געהאַט שׂכל, וואָלט איך אין משך פֿון גאַנצן טאָג געווען אַרויפֿגעגאָסן וואַסער אויפֿן שיפֿבויגן, האָט ער געטראַכט, נאָכן אָפּטריקענען זיך וואָלט דערפֿון געוואָרן זאַלץ. איך האָב אָבער ניט געכאַפּט דעם דעלפֿין ביז כּמעט זונפֿאַרגאַנג. און דאָך ווײַזט עס, אַז כ'האָב זיך ניט צוגעגרייט ווי עס באַדאַרף צו זײַן. איך האָב עס אָבער גוט צעקײַט און עס גייט מיר נישט צוריק.

צו מזרח צו האָט זיך דער הימל פֿאַרוואָלקנט און די שטערן, וואָס ער האָט געקענט, זענען פֿאַרשווונדן איינער נאָכן אַנדערן. ס'האָט זיך געדאַכט, ווי ער וואָלט זיך דערנעענטערט צו אַ גרויסער וואָלקנהייל. דער ווינט האָט אָפּגעלאָזט.

# דער אַלטער און דער ים

„אין פֿיר־פֿינף טעג אַרום וועט דאָס וועטער זײַן גאָר פּאַסקודנע“, האָט ער געזאָגט. „אָבער ניט הײַנט און ניט מאָרגן. זע זאָלסט איצט קענען שלאָפֿן אַ ביסל, אַלטיטשקער, בעת דער פֿיש איז שטיל און געלאַסן“.

ער האָט געהאַלטן דעם שטריק פֿעסט אין דער רעכטער האַנט און צוגעשטופּט די היפּט צו דער רעכטער האַנט, אָנשפּאַרנדיק זיך מיט דער גאַנצער וואָג אויפֿן האָלץ פֿון שיפֿבויגן. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם שטריק אַ ביסל נידעריקער אויף די אַקסל און אײַנגעקלאַמערט אויף דעם זײַן לינקע האַנט.

מײַן רעכטע האַנט וועט עס קענען האַלטן אַזוי, האָט ער געטראַכט. אויב זי וועט אַנטשלאָפֿן ווערן, וועט מיך די לינקע האַנט אויפֿוועקן, ווען דער שטריק וועט זיך אַרויסלאָזן. ס׳איז שווער פֿאַר דער רעכטער האַנט, נאָר זי איז געוווינט דערצו. אַפֿילו ווען איך זאָל שלאָפֿן צוואַנציק מינוט אָדער אַ האַלבע שעה, וועט זײַן גוט. ער האָט זיך אײַנגעקראַמפּט אין שטריק מיטן גאַנצן גוף, איבערלאָזנדיק די גאַנצע וואָג צו דער רעכטער האַנט, און איז אײַנגעשלאָפֿן.

ער האָט ניט געחלומט פֿון די לייבן, נאָר פֿון אַ ריזיקער טשאַטע ים־חזירימלעך, וואָס האָט זיך געצויגן אויף אַכט אָדער צען מײַל די לענג. עס איז געווען אין דער צײַט פֿון זייער פּאָרן זיך און זיי זענען אויפֿגעשפּרונגען הויך אין דער לופֿט און זיך אומגעקערט אין זעלבן לאָך וואָס זיי האָבן געמאַכט אין וואַסער, ווען זיי זענען אויפֿגעשפּרונגען.

## ערנעסט
## העמינגוועי

דערנאָך האָט ער געחלומט, אַז ער איז געווען אין דאָרף, אין זײַן בעט און ס׳האָט געבושעוועט אַ ווינט, און ס׳איז אים געווען זייער קאַלט, און אַז זײַן רעכטער אָרעם איז פֿאַרשלאָפֿן געוואָרן, ווײַל דער קאָפּ איז געלעגן אויף דער האַנט אַנשטאָט אויפֿן קישן.

נאָך דעם האָט ער אָנגעהויבן צו חלומען פֿון לאַנגן געלן ים־ברעג און געזען, ווי דער ערשטער לייב באַווײַזט זיך אין דער פֿרי׳ער טונקל־קייט און באַלד דערנאָך די אַנדערע לייבן. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קין אין האַלץ פֿון די שיפֿבויגנס און ער האָט געוואַרט, צי נאָך לייבן וועלן קומען אין אָוונטווינטל, און ער איז געווען גליקלעך.

די לבֿנה איז שוין געהאַט לאַנג אויפֿגעגאַנגען, נאָר ער איז אַלץ געשלאָפֿן און דער פֿיש האָט אַלץ ווײַטער געצויגן דאָס שיפֿל, וואָס האָט געהאַלטן אין אַרײַנקריכן אין אַ טונעל פֿון וואָלקנס.

ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, ווען די רעכטע האַנטפֿויסט האָט זיך אָנגעשלאָגן אין זײַן פּנים. דער שטריק האָט שטאַרק געברענט און געבריט זײַן רעכטע האַנט. די לינקע האַנט האָט ער ניט געפֿילט, נאָר ער האָט אַלץ געצוימט מיט דער רעכטער האַנט און דער שטריק האָט זיך אָנגעהויבן אויפֿצולאָזן. די לינקע האַנט האָט סוף כּל סוף אויפֿגעזוכט דעם שטריק און ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין שטריק, וואָס האָט איצט געברענט און געבראָטן דעם רוקן און די לינקע האַנט. זי האָט שטאַרק געליטן פֿון דעם אָנגעצויגענעם שטריק, וואָס האָט זיך אין איר אײַנגעשניטן. ער האָט צוריקגעקוקט אויף די שטריקקנוילן, וואָס האָבן זיך נאָכגעגעבן ווי עס דאַרף צו זײַן. גראָד דעמאָלט האָט דער פֿיש אַ שפּרונג געטאָן און אויפֿגערודערט דעם ים און איז שווער

# דער אַלטער
# און
# דער ים

צוריקגעפֿאַלן. ער איז ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל אויפֿגעשפּרונגען און דאָס שיפֿל האָט זיך געיאָגט, כאָטש דער שטריק האָט זיך נאָך אַלץ אַראָפּגעלאָזט. דער אַלטער האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כּוחות און מער נאָך ווי מיט אַלע כּוחות. ער איז צוגעשלעפּט געוואָרן צום שיפֿבויגן און זײַן פּנים איז צוגעפֿאַלן צום צעשניטענעם שטיק פֿון דעלפֿינפֿיש און ער האָט זיך נישט געקענט רירן.

אויף דעם האָבן מיר געוואַרט, האָט ער געטראַכט, לאָמיר זיך נעמען דערצו.

איך וועל זיך אָפּרעכענען מיט אים פֿאַרן שטריק, האָט ער געטראַכט. ער וועט מוזן טײַער באַצאָלן.

ער האָט ניט געקענט זען דאָס אויפֿשפּרינגען פֿון פֿיש, נאָר געהערט דאָס טרעשטשען פֿון ים און דאָס שווערע געטראַסקערײַ בײַם אַראָפּפֿאַלן. דאָס גיכקייט פֿון שטריק האָט אים אײַנגעשניטן די האַנט, נאָר ער האָט די גאַנצע צײַט געוווסט, אַז דאָס וועט געשען און ער האָט געפּרוווט זען, אַז דאָס אײַנשנײַדן זיך זאָל בלײַבן אויף די פֿאַרמאַזאָליעטע טיילן און ניט לאָזן, אַז דער שטריק זאָל זיך אַרײַנגליטשן אין דער דלאָניע אָדער זאָל אים צעשעדיקן די פֿינגער.

ווען דאָס יִינגל וואָלט דאָ געווען, וואָלט ער אײַנגענעצט די קנוילן שטריק. יאָ, ווען דאָס יִינגל וואָלט דאָ געווען, ווען דאָס יִינגל וואָלט דאָ געווען.

דער שטריק האָט זיך געהאַלטן אין איין אויפֿלייזן, נאָר ניט אַזוי גיך ווי פֿריִער און ער האָט געזען, אַז דער פֿיש זאָל טײַער באַצאָלן

ערנעסט
העמינגוועי

פֿאַר יעדן פּיצעלע שטריק. ער האָט אױפֿגעהױבן דעם קאָפּ פֿון האָלצברעט און פֿון דעם שטיק פֿיש, װאָס ער האָט צעביסן. ער האָט זיך אױפֿגעהױבן אױף די קני און דערנאָך אױפֿגעשטעלט אױף די פֿיס. ער האָט נאָכגעגעבן שטריק און אַלץ פּאַמעלעכער און אײַנגעהאַלטענער. ס׳איז נאָך געװען גענוג שטריק און דער פֿיש האָט איצט געקענט ציִען די נײַע שטריקטײלן דורכן װאַסער.

יאָ, האָט ער געטראַכט. און איצטער איז ער אױפֿגעשװוּמען מער װי צען מאָל און אָנגעפּאָמפּעט די זעק אַרום זײַן רוקן מיט לופֿט און ער קען זיך מער ניט אַרונטערלאָזן און שטאַרבן אין דער טיף, פֿון װאַנען איך זאָל אים ניט קענען אַרױפֿברענגען. ער װעט זיך באַלד אָנהײבן דרײען אַרום און אַרום אין אַ קרײַז און דערנאָך װעל איך זיך נעמען צו אים. איך בין נײַגעריק פֿאַר װאָס ער איז אַזױ אױפֿגעשפּרונגען מיט אַ מאָל. האָט אים דער הונגער אַרײַנגעטריבן אין אַזאַ פֿאַרצװײפֿלונג אָדער ער האָט זיך איבערגעשראָקן פֿון עפּעס אין דער נאַכט. אפֿשר האָט ער פּלוצעם דערפֿילט שרעק. ער איז דאָך געװען אַזאַ רויִקער, שטאַרקער פֿיש און איז געװען אַזױ ניט־דערשראָקן און זיכער. מאָדנע.

״זײַ דו אַלײן בעסער ניט־איבערגעשראָקן און זיכער, אַלטיטשקער״, האָט ער געזאָגט. ״דו האַלטסט אים װידער, נאָר דו האָסט ניט גענוג שטריק. ער װעט באַלד אָנהײבן אַרומקרײַזן.״

דער אַלטער האָט אים איצט געהאַלטן מיט דער לינקער האַנט און מיטן אַקסל, ער האָט אָנגעבױגן און אָנגעשעפּט װאַסער אין דער רעכטער האַנט אָפּצװואַשן דאָס צעקװעטשטע דעלפֿינפֿלײש פֿון פּנים.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

ער האָט מורא געהאַט, אַז דאָס עסן וועט אָנהייבן אַפּירצוקומען און ער וועט מוזן ברעכן און פֿאַרלירן כּוחות. ווען דאָס פּנים איז געווען ריין, האָט ער אָפּגעוואַשן די רעכטע האַנט און זי געלאָזט רוען אין זאַלצ־וואַסער, דערבײַ האָט ער געקוקט, ווי ס'באַווײַזט זיך דאָס ערשטע ליכט פֿאַרן זונאויפֿגאַנג. ער האָט זיך פֿאַרנומען אויף מזרח צו, האָט ער געטראַכט. דאָס מיינט, אַז ער איז מיד און אַז ער גייט מיטן שטראָם. ער וועט באַלד מוזן אָנהייבן אַרומקרײַזן. דעמאָלט וועט זיך אָנהייבן אונדזער אמתע אַרבעט.

נאָך דעם ווי ער האָט אײַנגעזען, אַז די רעכטע האַנט איז געווען גענוג לאַנג אין וואַסער, האָט ער זי אַרויסגענומען און אַ קוק געטאָן אויף איר.

"ניט שלעכט", האָט ער געזאָגט. "און ווייטיק איז גאָרניט פֿאַר אַ מאַנספּאַרשוין".

ער האָט פֿאָרזיכטיק אָנגענומען דעם שטריק, אַזוי אַז ער זאָל זיך ניט אַרײַנפּאַסן אין די פֿרישע שניטן, און פֿאַרקערעוועט דאָס געוויכט אַזוי אַז ער זאָל קענען אַרײַנלייגן די לינקע האַנט אין ים אויף דער אַנדערער זײַט שיפֿל.

"האָסט גאָרניט געאַרבעט אַזוי שלעכט לויט ווי פֿאַר אַ זאַך וואָס האָט קיין ווערט ניט", האָט ער גערעדט צו דער לינקער האַנט. "ס'איז אָבער געווען אַ רגע, ווען איך האָב ניט געוווּסט, ווו דו ביסט".

פֿאַר וואָס בין איך ניט געבוירן געוואָרן מיט צוויי פֿלינקע הענט? האָט ער געטראַכט. אפֿשר איז עס געווען מײַן שולד וואָס כ'האָב זי ניט אײַנגעאַרבעט ווי עס דאַרף צו זײַן. נאָר איין גאָט ווייסט, אַז זי

# ערנעסט
# העמינגוועי

האָט געהאַט אַ סך געלעגנהייטן צו ווערן אַ לײַט. זי איז גאָר ניט געװען אַזוי שלעכט דורך דער נאַכט, און נאָר איין מאָל פֿאַרקראַמפּט געװאָרן. אויב זי וועט קריגן נאָך אַ קראַמף, איז בעסער אַז דער שטריק זאָל זי איבערשנײַדן.

ווען ער האָט אײַנגעזען, אַז דער קאָפּ איז אים ניט קלאָר, האָט ער געטראַכט, אַז ס׳איז שוין העכסטע צײַט, ער זאָל עסן נאָך אַ שטיק פֿון דעלפֿינפֿיש. איך קען אָבער ניט, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט. ס׳איז בעסער צו האָבן אַ גרינגן קאָפּ אײדער צו פֿאַרלירן די כּוחות פֿון װעלן ברעכן. און איך ווייס, אַז זינט מײַן פּנים איז געװען צונויפֿגעפּלעטשט אויפֿן פֿיש, וועל איך עס מער ניט קענען האַלטן אין מאָגן. איך וועל עס האַלטן פֿאַר אַ שוואַרצער שעה, ביז עס וועט קאַליע ווערן. ס׳איז אָבער צו שפּעט איצט אָנצוזאַמלען כּוחות דורך עסן. ביסט אַ נאַר, האָט ער זיך אַליין געזאָגט. עס בעסער אויף דאָס אַנדערע פֿליפֿישל.

דאָס פֿישל איז געלעגן אָפּגערייניקט און גרייט און ער האָט עס אויפֿגעהויבן מיט דער לינקער האַנט און עס גענומען עסן, געקײַט פֿאָרזיכטיק די ביינדלעך און אויפֿגעגעסן אַלץ ביז צום עק.

עס האָט אין זיך מער נאַרהאַפֿטיקייט ווי װעלכער ניט איז פֿיש, האָט ער געטראַכט. איצטער האָב איך געטאָן וואָס איך קען. זאָל ער אָנהייבן אַרומצוקרײַזן און זאָל ער שוין אָנהייבן דעם קאַמף.

די זון איז אויפֿגעגאַנגען צום דריטן מאָל זינט ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויפֿן ים. איצט האָט דער פֿיש אָנגעהויבן אַרומצוקרײַזן.

ער האָט ניט געקענט זען אין דעם שטריק־אויסבייג, אַז דער פֿיש האָט אָנגעהויבן אַרומצוקרײַזן. ער האָט נאָר געפֿילט, ווי דער דרוק

# דער אַלטער
# און
# דער ים

פֿון שטריק לאָזט אַ ביסל אָפּ, און אים אָנגעהויבן צוריקצושלעפּן מיט דער רעכטער האַנט. ער איז געוואָרן געשפּאַנט ווי שטענדיק, נאָר פּונקט דעמאָלט ווען ער האָט דערגרייכט דעם פּונקט, ווען ער וועט זיך ברעכן, האָט זיך אָנגעהויבן נאָכצוגעבן מערער שטריק. ער האָט אָנגעבויגן די אַקסלען און דעם קאָפּ אונטערן שטריק און גענומען ציִען געלאַסן און רויִק. ער האָט גענוצט ביידע הענט אין אַ וויגנדיקער באַוועגונג און געפּרוווט ציִען וואָס מערער מיטן קערפּער און מיט די פֿיס. די אַלטע פֿיס און אַקסלען זענען געוואָרן שטײַף.

"ס'איז זייער אַ גרויסער קרײַז", האָט ער געזאָגט. "נאָר אַבי ער קרײַזט".

דערנאָך האָט דער שטריק מער ניט געוואָלט אַרײַנקומען און ער האָט אים געהאַלטן, ביז ער האָט געזען, ווי די טראָפּנס פֿאַלן אַראָפּ פֿון אים אין דער זון. דערנאָך איז דער שטריק לויז געוואָרן און דער אַלטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און אים צוריק אַראָפּגעלאָזט אין פֿינצטערן וואַסער.

"ער דערגרייכט איצט דעם ווײַטן טייל פֿון קרײַז", האָט ער געזאָגט. איך מוז צוהאַלטן אַלץ וואָס איך קען, האָט ער געטראַכט. די אָנשטרענגונג וועט פֿאַרקירצן יעדעס מאָל זײַן קרײַז. איך וועל אים אפֿשר קענען זען אין אַ שעה אַרום. איך מוז אים קודם בײַקומען און דערנאָך וועל איך אים דערהרגענען.

נאָר דער פֿיש האָט געקרײַזט פּאַמעלעך און דער אַלטער איז אין משך פֿון צוויי שעה געוואָרן אויסגעווייקט פֿון שווייס. ער האָט געפֿילט די מידקייט טיף אין די ביינער. נאָר די קרײַזן זענען איצטער

## ערנעסט העמינגוועי

געווען אַ סך קלענער, און פֿון שטריק־אויסבייג האָט ער געוווּסט, אַז דער פֿיש האָט זיך געהאַלטן אין איין אויפֿהייבן העכער, בעת ער איז געשווומען.

אַ שעה צײַט האָט דער אַלטער געזען שוואַרצע פינטעלעך פֿאַר די אויגן. דער שווייס האָט באַזאַלצן די אויגן און דעם שטערן. ער האָט קיין מורא ניט געהאַט פֿאַר די שוואַרצע פינטעלעך. זיי זענען געווען נאָרמאַל וועדליג דעם געשפּאַנטקייט, מיט וועלכן ער האָט געצויגן דעם שטריק. צוויי מאָל האָט ער אָבער געפֿילט, אַז ער האַלט בײַם חלשן און אַז עס פֿאַרדרייט זיך אים דער קאָפּ און פֿון דעם איז ער געווען שטאַרק באַזאָרגט.

"איך טאָר זיך איצט ניט אונטערגעבן און שטאַרבן", האָט ער געזאָגט. "איצטער אַז ער קומט יאָ אַרויס אַזוי וווּנדערלעך. גאָט, העלף מיר אויסצוהאַלטן, גיב מיר אויסדויער. איך וועל זאָגן אַ הונדערט מאָל 'פֿאָטער אונדזערער' און 'אַווע מאַרי'. נאָר ניט איצט".

זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז כ'האָב שוין געזאָגט, האָט ער געטראַכט. איך וועל תּפֿילה טאָן שפּעטער.

פּונקט דעמאָלט האָט ער געפֿילט אַ פּלוצעמדיק רײַסן, קלאַפּן און טאַלעפּען זיך אויפֿן שטריק, וואָס ער האָט געהאַלטן מיט בײדע הענט. ס'איז געווען עפּעס שאַרף, האַרט און שווער.

ער קלאַפּט איצט אין דראָטשטריק מיט דער שפּיז, האָט ער געטראַכט. עס האָט געמוזט געשען. ער האָט עס געמוזט טאָן. ער וועט אפֿשר מוזן אויפֿשפּרינגען, כאָטש איך וויל בעסער, אַז ער זאָל איצט אַרומקרײַזן. דאָס אויפֿשפּרינגען איז געווען נייטיק פֿאַר אים כּדי אָנ־

# דער אַלטער
# און
# דער ים

צופּאַמפּען לופֿט. נאָר נאָך דעם קאָן יעדער שפּרונג אויסברייטערן די עפֿענונג פֿון האָקנוואונד און ער קען זיך נאָך באַפֿרײַען פֿון האָקן.

„שפּרינג ניט, פֿיש", האָט ער געזאָגט. „שפּרינג ניט".

דער פֿיש האָט זיך עטלעכע מאָל אָנגעשלאָגן אין דראָט און יעדעס מאָל, ווען ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, האָט דער אַלטער נאָכגעלאָזט אַ ביסל שטריק.

איך מוז זען, אַז דער ווייטיק זײַנער זאָל ניט ווערן ערגער, האָט ער געטראַכט. מײַן ווייטיק מאַכט ניט אויס. מײַנעם קען איך קאָנטראָלירן. נאָר זײַן ווייטיק קען אים טרײַבן צו משוגעת.

אַ ביסל שפּעטער האָט דער פֿיש אויפֿגעהערט קלאַפּן אין דראָט און ווידער גענומען פּאַמעלעך אַרומקרײַזן. דער אַלטער האָט איצטער ווידער צוריקגעוווּנען אַ היפּש ביסל שטריק. ער האָט אָבער ווידער אַ מאָל געפֿילט, אַז ער האַלט בײַם חלשן. ער האָט אָנגעשעפּט אַ ביסל ים־וואַסער מיט דער לינקער האַנט און באַנעצט דעם קאָפּ. דערנאָך האָט ער אַרויפֿגעגאָסן אַ ביסל מער וואַסער און געריבן דעם האַלדז און נאַקן.

„איך האָב ניט קיין קראַמפּן", האָט ער געזאָגט. „ער וועט באַלד אַרויפֿקומען און איך קען אויסהאַלטן. דו מוזסט אויסהאַלטן. רעד אַפֿילו ניט דערפֿון".

ער האָט אַוועקגעקניט בײַם שיפֿבויגן און אויף אַ ווײַל אַראָפּגעלאָזט דעם שטריק איבער דער פּלייצע. איצט וועל איך אַ ביסל רוען, בעת ער קרײַזט אַרום אַזוי, און דערנאָך וועל איך זיך אויפֿהייבן און זיך

ערנעסט
העמינגוועי

נעמען צו אים, ווען ער וועט אַרײַנקומען. ס׳איז געווען אַ גרויסער נסיון צו רוען אַזוי אין שיפֿבויגן און לאָזן, אַז דער פֿיש זאָל איין מאָל אַרומקרײַזן, ניט פֿאַרלירנדיק קיין שום שטריק. נאָר ווען די אָנשטרענגונג האָט געוויזן, אַז דער פֿיש האָט זיך אויסגעדרייט און קומט נעענטער צום שיפֿל, האָט דער אַלטער זיך אויפֿגעהויבן און גענומען אַרײַנציִען אַזוי פֿיל שטריק, ווי ער האָט נאָר געקענט.

איך בין מידער ווי איך בין ווען ס׳איז געווען, האָט ער געטראַכט, און דער שטראָמווינט ווערט גרעסער. נאָר ס׳וועט זײַן גוט אים אַרײַנ־צוקריגן אין אָט דעם ווינט. איך דאַרף דאָס נייטיק האָבן.

״איך וועל זיך אָפּרוען אַ ביסל, ווען ער וועט זיך אויסדרייען״, האָט ער געזאָגט. ״איך פֿיל זיך אַ סך בעסער. זאָל ער אַזוי נאָך צוויי־דרײַ מאָל אַרומקרײַזן און איך וועל אים האָבן״.

דער שטרויענער הוט איז געווען אַראָפּגערוקט אויף הינטן און ער איז אַראָפּגעזונקען אין שיפֿבויגן מיטן צי פֿון שטריק, ווען דער אַלטער האָט דערפֿילט, ווי דער פֿיש דרייט זיך אויס.

אַרבעט איצטער, פֿיש, האָט ער געטראַכט. איכ׳ל דיך פּאַקן, ווען דו וועסט זיך ווידער אויסדרייען.

דער ים האָט זיך היפּש געהויבן, נאָר ס׳איז געווען אַ לײַכטער ווינט, וואָס איז גוט אויף אַהיימצושווימען.

״איך וועל בלויז רודערן צו דרום און מערבֿ״, האָט ער געזאָגט. ״אַ מאַן ווערט קיין מאָל ניט פֿאַרלוירן אויפֿן ים און דאָס איז אַ לאַנ־גער אינדזל״.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

בײַם דריטן אויסדריי האָט ער צום ערשטן מאָל געזען דעם פֿיש.

ער האָט אים צו ערשט געזען ווי אַ טונקעלן שאָטן. ס'האָט אים געדויערט לאַנג אַפּירצוקומען פֿון אונטערן שיפֿל און דער אַלטער האָט ניט געגלייבט, אַז ער קען זײַן אַזוי לאַנג.

"ניין", האָט ער געזאָגט. "ס'איז ניט מעגלעך, ער זאָל זײַן אַזוי גרויס".

ער איז אָבער יאָ געווען אַזוי גרויס און בײַם סוף פֿון דעם אַרומ־קרײַז איז ער געקומען צו דעם אייבערפֿלאַך בלויז אַרום דרײַסיק יאַרד אַוועק און דער אַלטער האָט געזען זײַן עק איבערן וואַסער, גרעסער ווי אַ גרויסע קאָסע און בלאַס־געל איבערן טונקל־בלויען וואַסער. דער עק האָט זיך צוריק אַרײַנגעשאַרט אין וואַסער. און בעת דער פֿיש איז אַזוי געשווומען אַ ביסל הינטער דעם אייבערפֿלאַך, האָט דער אַלטער גע־קענט זען די ריזיקע מאַסע זײַנע און די פּורפּורנע שטרײַפֿן. די פֿלוס־פֿעדערן אויף זײַן רוקן זענען געווען אַראָפּגעלאָזט און די ריזיקע פֿלוס־פֿעדערן פֿון דער ברוסט זענען געווען ברייט צעפֿעכערט.

אין דעם אַרומקרײַז האָט דער אַלטער געקענט זען דאָס אויג פֿון פֿיש און די צוויי גרויסע זויגפֿיש, וואָס זענען געשווומען אַרום אים. טייל מאָל זענען זיי געבליבן צוגעטשעפּעט צו אים און אַן אַנדערש מאָל זיך אָפּגעריסן און לײַכט געשווומען אין זײַן שאָטן. ביידע זענען זיי געווען איבער דרײַ פֿוס די לענג און ווען זיי זענען געשווומען גיך, האָבן זיי געשמיסן מיט די גופֿים ווי אַלפֿיש.

דער אַלטער האָט געשוויצט, אָבער ניט פֿון דער זון. יעדעס מאָל ווען דער פֿיש האָט זיך אַ דריי געטאָן, האָט דער אַלטער צוגעצויגן

ערנעסט
העמינגוועי

און געווונען מער שטריק און ער איז געווען זיכער, אַז ווען ער וועט זיך נאָך צוויי מאָל אויסדרייען, וועט ער האָבן אַ געלעגנהייט אַרײַנ־צושיסן אין אים דעם האַרפּון.

איך מוז אים אָבער קריגן נעענטער, נעענטער, נעענטער, האָט ער געטראַכט. איך טאָר ניט צילן אין קאָפּ, נאָר אין האַרץ אַרײַן.

"האַלט זיך רויִק און זײַ שטאַרק, אַלטיטשקער", האָט ער געזאָגט.

בײַם נײַעם קרײַז איז דער רוקן פֿון פֿיש געווען אין דרויסן, נאָר ער איז געווען אַ ביסל צו ווײַט אַוועק פֿון שיפֿל. בײַם נאָענטסטן קרײַז איז ער נאָך אַלץ געווען ווײַט אַוועק, נאָר העכער אַרויס פֿון וואַסער און דער אַלטער איז געווען זיכער, אַז בײַם צוקריגן מערער שטריק וועט ער אים באַלד האָבן נאָענט צום שיפֿל.

ער האָט געהאַט צוגעגרייט דעם האַרפּון נאָך לאַנג צוריק און דער קנויל דינער שטריק איז געלעגן אין אַ קײַלעכדיק קיישל, דער עק פֿון שטריק איז געווען גוט צוגעבונדן צום האָקן פֿון שיפֿבויגן.

דער פֿיש איז איצטער אַרײַנגעקומען אין זײַן אַרומקרײַז — רויִק און ווונדערלעך שיין, און בלויז זײַן גרויסער עק האָט זיך באַוועגט. דער אַלטער האָט אים איצט געצויגן און געשלעפּט מיט אַלע כּוחות כּדי אים אַרײַנצוברענגען נעענטער. אַ רגע האָט זיך דער פֿיש אויס־געדרייט אויף אַ זײַט. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעגלײַכט און ווידער אָנגעהויבן אַרומצוקרײַזן.

"איך האָב אים אַ ריר געטאָן", האָט דער אַלטער געזאָגט. "צו פֿיל אַ ריר געטאָן".

# דער אַלטער
# און
# דער ים

עס איז אים ווידער געוואָרן נישט גוט, נאָר ער האָט זיך אָנגע־האַלטן אין דעם גרויסן פֿיש מיט אַלע פֿאַרבליבענע כּוחות. איך האָב אים אַ ריר געטאָן, האָט ער געטראַכט. אפֿשר וועט מיר דאָס מאָל געלינגען אים צוצושלעפּן נעענטער. שלעפּט, הענט, ציט, האָט ער געטראַכט. האַלט זיך, פֿיס. האָב אויסדויער, קאָפּ. טוט דאָס פֿאַר מיר. דו האָסט זיך קיין מאָל ניט אונטערגעגעבן. דאָס מאָל וועל איך אים אַריבערציִען.

נאָר וואָס מער ער האָט זיך אָנגעשטרענגט, נאָך אײדער דער פֿיש איז צוגעקומען נעענטער, אַלץ מידער איז ער געווען. ער האָט גע־שלעפּט מיט אַלע כּוחות, נאָר דער פֿיש האָט אַ צאַפּל געטאָן, זיך אויסגעגלײַכט און אָוועקגעשווומען.

„פֿיש", האָט דער אַלטער געזאָגט. „וועסט שטאַרבן סײַ ווי סײַ. מוזסטו מיך אויך דערהרגענען?"

אַזוי אַרום קען מען גאָרניט אויפֿטאָן, האָט ער געטראַכט. אין מויל איז אים געווען צו טרוקן צו רעדן, נאָר ער האָט איצט ניט געקענט אויסשטרעקן אַ האַנט אָנצושעפּן אַ ביסל וואַסער. דאָס מאָל מוז איך אים צוציִען אַהער, האָט ער געטראַכט. איך וועל ניט אויסהאַלטן, אויב ער וועט זיך נאָך לאַנג אַזוי דרייען. וועסט יאָ אויסהאַלטן, האָט ער זיך אַליין געזאָגט. דו קאָנסט אייביק אויסהאַלטן.

בײַם נײַעם דריי האָט ער אים שיר ניט געפּאַקט. נאָר דער פֿיש האָט זיך ווידער אויסגעגלײַכט און פּאַמעלעך אָוועקגעשווומען.

דו דערהרגעסט מיך, פֿיש, האָט דער אַלטער געטראַכט. נאָר דו האָסט אַ רעכט דערצו. איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געזען אַ גרעסער,

ערנעסט
העמינגווײַ

אָדער אַ שענער, אָדער אַ רויִקער און אַ נאָבעלער באַשעפֿעניש ווי דו ביסט, ברודער. קום און הרגע מיך. עס אַרט מיך ניט, ווער ס'וועט וועמען דערהרגענען.

איצטער ווערסטו צעמישט, האָט ער געטראַכט. דו מוזסט זען, אַז דער קאָפּ זאָל דיר זײַן קלאָר. זע, דער קאָפּ זאָל דיר זײַן קלאָר און לײַד ווי אַ מאַן. אָדער ווי אַ פֿיש, האָט ער געטראַכט.

"דו הערסט, קאָפּ", האָט ער געזאָגט מיט אַ קול, וואָס ער האָט קוים געקענט הערן. "דו זאָלסט מיר זײַן קלאָר. קלאָר זאָלסטו מיר זײַן".

נאָך צוויי מאָל איז געשען דאָס זעלבע בײַ יעדן אַרומדריי.

איך ווייס ניט, האָט דער אַלטער געטראַכט. ער האָט יעדעס מאָל געהאַלטן בײַם צוזאַמענברעכן. איך ווייס ניט. איך וועל אָבער פּרוּוון נאָך אַ מאָל.

ער האָט נאָך אַ מאָל געפּרוּווט. דער פֿיש האָט זיך ווידער אויסגעגלײַכט און פּאַמעלעך אָפּגעשוווּמען, פֿאָכענדיק מיטן גרויסן עק אין דער לופֿטן.

איך וועל נאָך אַ מאָל פּרוּוון, האָט דער אַלטער צוגעזאָגט, כאָטש די הענט זענען געווען צעבראָכן און ער האָט געקאָנט זען בלויז אין פֿאַרלויף פֿון געציילטע סעקונדן.

ער האָט געפּרוּווט נאָך אַ מאָל און ס'איז ווידער געווען די זעלבע זאַך.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

ער האָט צונויפֿגעזאַמלט זײַן גאַנצן ווייטיק און אַלץ וואָס איז אים איבערגעבליבן פֿון די כּוחות און פֿון פֿאַרלוירענעם שטאָלץ, און דאָס אַלץ אַנטקעגנגעשטעלט דעם פֿיש, און דער פֿיש האָט זיך דערנעענטערט און איז געשווומען אויף דער זײַט, כּמעט אָנגערירט מיטן מויל די פּלאַנקענס פֿון שיף און אָנגעהויבן פֿאַרבײַגיין דאָס שיפֿל, לאַנג, טיף, ברייט, זילבערדיק און געשטרײַפֿט מיט פּורפּור און כּמעט שטענדיק אין וואַסער.

דער אַלטער האָט אָפּגעלאָזט דעם שטריק, אַרויפֿגעלייגט דעם פֿוס און אויפֿגעהויבן דעם האַרפּון אַזוי ווײַט ווי ער האָט נאָר געקענט און אים אַראָפּגעלאָזט מיט אַלע כּוחות און מיט מער ווי אַלע כּוחות אין דער זײַט פֿון פֿיש, הינטער די פֿלוספֿעדערן פֿון דער גרויסער ברוסט, וואָס האָט זיך הויך געהויבן אין דער לופֿטן, אַזוי הויך ווי דעם אַלטנס ברוסטקאַסטן. ער האָט געפֿילט, ווי דאָס אײַזן לאָזט זיך אַראָפּ און ער האָט נאָכגעשטופּט זײַן גאַנץ געוויכט נאָך דעם.

מיטן טויט אין אים איז ערשט דער פֿיש געקומען צום לעבן, זיך אויפֿגעהויבן הויך אין וואַסער, ווײַזנדיק די גאַנצע לענג און ברייט, זײַן גאַנצע גבֿורה און זײַן גאַנצע שיינקייט. עס האָט אויסגעזען, גלײַך ווי ער וואָלט געהאָנגען אין דער לופֿטן איבער דעם אַלטן אין שיפֿל. דערנאָך איז ער אַראָפּגעפֿאַלן אין וואַסער מיט אַ קראַך, וואָס האָט אַרויסגעשאָטן אַ שפּרײַרעגן אויפֿן אַלטן און אויפֿן גאַנצן שיפֿל.

דעם אַלטן האָט זיך געגלוסט צו חלשן, ער האָט זיך געפֿילט ניט־געזונט און ער האָט ניט געקענט גוט זען. נאָר ער האָט אָפּגערייניקט דעם האַרפּונשטריק און אים געלאָזט לויפֿן פּאַמעלעך דורך די רויע

הענט און — ווען ער האָט ווידער געקענט זען — האָט ער געזען, ווי דער פֿיש ליגט אויפֿן רוקן מיטן זילבערנעם בויך אַרויף. דער פֿײַל פֿון האַרפּון איז געווען זײַטיק אַרײַנגעשטעקט אין דער פּלייצע פֿון פֿיש און דער ים האָט זיך געררייטלט מיטן בלוט פֿון זײַן האַרצן. פֿריִער איז דאָס בלוט געווען טונקל אין בלויען וואַסער, מער ווי אַ מײַל די טיף. דערנאָך האָט זיך עס אויסגעשפּרייט ווי אַ וואָלקן. דער פֿיש איז געווען זילבערדיק און איז שטיל געשווומען מיט די כוואַליעס.

דער אַלטער האָט פֿאַרזיכטיק אַרײַנגעקוקט אין דעם בליצשטראַל פֿון דער וויזיע, וואָס ער האָט געהאַט, פֿאַרלייגט צוויי שטיקער האַרפּונשטריק אויפֿן שיפֿבויגן און אַרומגענומען דעם קאָפּ מיט די הענט.

„מײַן קאָפּ דאַרף איצט זײַן קלאָר“, האָט ער געזאָגט צום האָלץ פֿון שיפֿבויגן. „איך בין אַ מידער אַלטער מאַן. נאָר איך האָב דערהרגעט דעם פֿיש, מײַן ברודער, און איצט מוז איך זיך נעמען צו שקלאַפֿישער אַרבעט“.

איצטער מוז איך צוגרייטן די פּעטליעס און דעם שטריק אים אַרויפֿצוציִען, האָט ער געטראַכט. אַפֿילו ווען מיר וואָלטן געווען צוויי און עס וואָלט זיך אונדז אײַנגעגעבן אים אַרויפֿצושלעפּן אַהער, וואָלט מײַן שיפֿל אים ניט געקענט האַלטן. איך מוז אַלץ צוגרייטן, דערנאָך אים אַרײַנברענגען און אים גוט צובינדן און אָנציִען דעם מאַסט און לאָזן דעם זעגל אויפֿן וועג אַהיים.

ער האָט אָנגעהויבן שלעפּן דעם פֿיש, ער זאָל אים האָבן לענג אויס דעם שיפֿל, כּדי ער זאָל קענען דורכלאָזן אַ שטריק דורך זײַנע

# דער אַלטער
# און
# דער ים

נאָזלעכער און צובינדן דעם קאָפּ צום שיפּבויגן. איך וויל אים זען, האָט ער געטראַכט, אים אָנרירן און אים פּילן. ער איז מײַן אוצר, האָט ער געטראַכט. נאָר ניט דערפֿאַר וויל איך אים אָנרירן. מיר דאַכט זיך, אַז כ׳האָב געפּילט זײַן האַרץ, האָט ער געטראַכט, ווען איך האָב אַרײַנגעשאָסן די האַרפּונפּײַגל. ברענג אים אַרײַן און באַפֿעסטיק אים און פֿאַרצי די פּעטליע אַרום זײַן עק און נאָך אַ פּעטליע אַרום בויך און בינד אים צו צום שיפֿל.

„נעם זיך צו דער אַרבעט, אַלטיטשקער“, האָט ער געזאָגט און גענומען אַ טרונק וואַסער. „איצט אַז דער קאַמף איז אַריבער, קומט ערשט די פּאַסקודנע אַרבעט.“

ער האָט אַרויפֿגעקוקט צום הימל און דערנאָך אַראָפּ צום פֿיש. ער האָט פֿאָרזיכטיק געקוקט אויף דער זון. ס׳איז ניט אַ סך שפּעטער פֿון מיטן טאָג, האָט ער געטראַכט. און דער ווינט הייבט זיך. די שטריק האָבן איצט גאָרניט די ווערט. דאָס ייִנגל און איך וועלן זיי צעשנײַדן, ווען מיר וועלן זײַן אין דער היים.

„קום אַהער, פֿיש“, האָט ער געזאָגט. נאָר דער פֿיש איז ניט געקומען. ער איז געלעגן און זיך געטאָפּטשעט אין די וואַסערן און דער אַלטער האָט זיך צוגערוקט מיטן שיפֿל צו אים.

ווען ער האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט אים און דער קאָפּ פֿון פֿיש איז געווען נאָענט צום שיפּבויגן, האָט ער זיך ניט געקענט אָפּוווּנדערן פֿון זײַן גרייס. ער האָט אָפּגעבונדן דעם האַרפּונשטריק, אים דורכגעלאָזט דורך די אָטעם־פֿליגל פֿון פֿיש אין זײַן פּיסק, איין מאָל אַרומגעדרייט אַרום דער שווערד און אַרויסגעלאָזט דעם שטריק דורך

# ערנעסט העמינגוועי

דעם אַנדערן נאָזפֿליגל און צוגעקניפּט שטאַרק דעם שטריק צום האָקן פֿון שיף. דערנאָך האָט ער אָפּגעהאַקט דעם שטריק און איז צוגעגאַנגען צו דער אַנדערער זײַט זיך נעמען צום עק. דער פֿיש איז איצט געוואָרן אין גאַנצן זילבערדיק אַנשטאָט פּערפּלדיק־זילבערדיק און די שטרײַפֿן זענען געווען פֿון זעלבן בלייך־פֿיאָלעטן קאָליר ווי דער עק. זיי זענען געווען ברייטער פֿון אַ מענערשער האַנט מיט צעשפּרייטע פֿינגער. און די אויגן פֿון פֿיש האָבן אויסגעזען קאַלט און פֿראָסטיק ווי שפּיגלען אָדער ווי בײַ אַ הייליקן אויף אַ פּראָצעסיע.

"אַנדערש האָב איך אים ניט געקענט דערהרגענען", האָט דער אַלטער געזאָגט. ער האָט זיך געפֿילט בעסער און דער קאָפּ איז אים געווען קלאָר. אַרום און אַרום וועגט ער אַוודאי אַריבער פֿופֿצן הונדערט פֿונט, האָט ער געטראַכט. אפֿשר אַ סך מער. אויב מיר'ן רעכענען, אַז ער האָט די ווערט אַרום דרײַסיק סענט אַ פֿונט...

"איך דאַרף האָבן אַ בלײַער דערפֿאַר", האָט ער געזאָגט. "אַזוי קלאָר איז מיר נאָך ניט דער קאָפּ. נאָר איך האַלט, אַז דער גרויסער דימאַדזשיאָ וואָלט הײַנט שטאָלצירט מיט מיר. איך האָב ניט געהאַט קיין ביינער־שפּאָרן. נאָר די הענט און די פּלייצע טוען מיר אויף אַן אמתן ווײ". איך בין נײַגעריק צו וויסן, וואָס דאָס איז אַזוינס אַ ביינער־שפּאָרן, האָט ער געטראַכט. אפֿשר האָבן מיר דאָס און מיר וויסן אַפֿילו ניט דערפֿון.

ער האָט באַפּעסטיקט דעם פֿיש אויף אַלע זײַטן פֿון שיפֿל — פֿון פֿאָרנט, פֿון הינטן, פֿון די זײַטן. ער איז געווען אַזוי גרויס, אַז ס'איז געווען גלײַך ווי ער וואָלט צוגעבונדן אַ סך אַ גרעסער שיפֿל צו זײַן

# דער אַלטער
# און
# דער ים

שיפֿל. ער האָט אָפּגעשניטן אַ שטיק פֿון שטריק און פֿאַרבונדן דעם פּיסק פֿון פֿיש. דערנאָך האָט ער אָנגעצויגן מאַסט און זעגל און דאָס שיפֿל האָט זיך גענומען רירן פֿון אָרט. אַ האַלב ליגנדיקער האָט ער געזעגלט אין דער ריכטונג פֿון דרום־מערבֿ.

ער האָט ניט געדאַרפֿט קיין קאָמפּאַס צו וויסן, ווו דרום־מערבֿ איז. ער האָט נאָר געדאַרפֿט דעם באַריר פֿון ווינט און דעם צוג פֿון זעגל. לאָמיך בעסער אַרויסלאָזן אַ קליינעם שטריק מיט אַ לעפֿל און זען צו קריגן עפּעס עסן און טרינקען צו דערקוויקן דאָס האַרץ. ער האָט אָבער ניט געקענט געפֿינען קיין לעפֿל, און די סאַרדינקעס זענען געווען פֿאַרפֿוילט. ער האָט צוגעטשעפּעט אַ שטיק געלע גראָזלאַטע פֿון גאָלף צום קווערשטאַנג און עס אַזוי לאַנג געשאָקלט, ביז קליינע שרומפּלעך זענען אַראָפּגעפֿאַלן אויפֿן פּלאַנקען פֿון שיפֿל. דער אַלטער האָט אָפּגעריסן זייערע קעפּלעך מיט די נעגל און זיי געגעסן, קייענדיק די שאָל און די עקלעך. זיי זענען געווען גאָר קליין, נאָר ער האָט געוווּסט, אַז זיי זענען זייער נאַרהאַפֿטיק, און זיי זענען געווען באַטעמט.

דער אַלטער האָט נאָך געהאַט אויף צוויי מאָל וואַסער צו טרינקען אין דער פֿלאַש. און ער האָט גענומען אַ העלפֿט דערפֿון, נאָך דעם ווי ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט די שאַלפֿישלעך. אונטער די אומשטענדן האָט דאָס שיפֿל נישקשהדיק געזעגלט. ער האָט געקענט זען דעם פֿיש און ער האָט נאָר באַדאַרפֿט אַ קוק טאָן אויף די הענט און שפּירן דעם רוקן צו וויסן, אַז ס'איז טאַקע געשען אויף אַן אמת און אַז ס'איז ניט געווען קיין חלום. איין מאָל, נאָענט צום סוף, ווען ער האָט זיך געפֿילט אַזוי שלעכט, האָט ער געמיינט, אַז ס'איז אַ חלום. ווען ער האָט

ערנעסט
העמינגוועי

אבער געזען דעם פיש ארויסקומען פון וואסער און ווי ער הענגט אין דער לופטן און גיט זיך ניט קיין ריר פארן ארונטערפאלן, איז ער געווען זיכער, אז ס'איז געשען עפעס אן אויסטערלישע זאך וואס איז ממש אומגלייבלעך. ער האט דעמאלט ניט געקענט זען גוט, כאטש איצטער האט ער געקענט זען אזוי גוט ווי שטענדיק.

איצטער האט ער געוווסט, אז דער פיש איז דא און אז זיינע הענט און זיין פלייצע זענען ניט קיין חלום. די הענט פארהיילן זיך גיך, האט ער געטראכט. איך האב גענוג געבלוטיקט, זיי זאלן ווערן ריין און דאס זאלצוואסער וועט זיי אויסהיילן. דאס טונקעלע וואסער פון גאלף איז דער גרעסטער היילער אין דער וועלט. אלץ וואס איך מוז טאן איז זען, אז דער קאפ זאל מיר ניט ווערן צעמישט. די הענט האבן זייער ארבעט אפגעטאן און מיר זעגלען ווי עס דארף צו זיין. מיט זיין פארמאכטן מויל און מיט זיין ארויסגעסטארטשעטן עק זעגלען מיר ווי ברידער. דערנאך איז ביים אלטן דער קאפ געווארן א ביסעלע ניט־קלאר און ער האט געטראכט: ברענגט ער מיך אריין, אדער ברענג איך אים אריין? ווען איך זאל אים שטופן פון הינטן, וואלט ניט געווען קיין פראגע. אדער ווען דער פיש וואלט אן שטאלץ גע־לעגן אין שיפל, וואלט אויך קיין פראגע ניט געווען. נאר זיי האבן געזעגלט צוזאמען, געקניפט און געבונדן איינס צום אנדערן, און דער אלטער האט געטראכט: זאל ער מיך אריינברענגען, אויב ער האט הנאה דערפון. איך בין בעסער פון אים בלויז מיט מיינע קונצן און ער האט מיר ניט געוואלט טאן קיין שלעכטס.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

זיי האָבן זיך ווײַטער געגליטשט און דער אַלטער האָט געווייקט די הענט אין זאַלצוואַסער און געטאָן אַלץ, אַז דער קאָפּ זאָל אים זײַן קלאָר. פֿון די וואָלקנס אין דער הייך האָט דער אַלטער געוווּסט, אַז דאָס ווינטל וועט בלאָזן אַ גאַנצע נאַכט. דער אַלטער האָט ניט אויפֿגעהערט צו קוקן אויפֿן פֿיש צו זײַן זיכער, אַז ס'איז טאַקע אמת. ס'האָט גענומען אַ שעה, ביז דער הײַפֿיש איז אים באַפֿאַלן.

דער הײַפֿיש איז ניט געקומען אומגעריכט. ער איז אַרויפֿגעקומען פֿון די טיפֿענישן פֿון וואַסער, ווען דער בלוטוואָלקן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און צעשפּרייט אין מײַלנטיפֿן ים. ער איז אַרויפֿגעקומען אַזוי גיך און אָן שום וואָרענונג, אַז ער האָט אַזש אויפֿגעבראָכן דעם איבערפֿלאַך פֿון בלויען וואַסער און אויפֿגעגלאַנצט אין דער זון. דערנאָך איז ער צוריקגעפֿאַלן אין ים אַרײַן און דערשנאַפּט דעם ריח און גענומען שווימען אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס דאָס שיפֿל און דער פֿיש.

טייל מאָל האָט ער פֿאַרלוירן דעם ריח. נאָר ער האָט אים ווידער דערשנאַפּט, אָדער בלויז אַ זכר פֿון אים, און געשווומען גיך און האַרט. ס'איז געווען אַ ריזיקער הײַפֿיש, באַשאַפֿן אויף צו שווימען אַזוי גיך ווי דער גיכסטער פֿיש אין ים און אַלץ אויף אים איז געווען פּרעכטיק שיין, נאָר ניט דער פּיסק. דער רוקן איז געווען בלוי ווי בײַ אַ שווערדפֿיש און דער בויך זילבערדיק און די פֿעל גלאַטיק און שיין. ער איז געווען געבויט ווי אַ שווערדפֿיש, אַחוץ דעם ריזיקן פּיסק, וואָס איז געווען פֿעסט פֿאַרהאַקט, ווען ער איז גיך געשווומען אונטער דעם איבערפֿלאַך, שנײַדנדיק דאָס וואַסער מיט די גרויסע פֿלוספֿעדערן. אינעווייניק, צווישן די פֿאַרמאַכטע טאָפּלליפּן פֿון פּיסק, זע־

## ערנעסט העמינגוועי

נען די אַכט שורות ציין ניט געווען ווי די געוויינטלעכע פּיראַמידיש געפּורעמטע ציין ביי די מערסטע הײַפּיש, נאָר געפּורעמט ווי מענטשלעכע פינגער (ווען זיי זענען האַרט און שטײַף ווי חיהשע נעגל). זיי זענען כמעט געווען אַזוי לאַנג ווי דעם אַלטנס פינגער און אויף ביידע זײַטן געהאַט שנײַדנדיקע שאַרפן ווי פון אַ ראַזיר־מעסער. דאָס איז אַ פיש, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן זיך צו שפּײַזן מיט אַלע פיש פון ים, וואָס זענען גענוג פעסט און שטאַרק און באַוואָפנט ניט צו האָבן קיין אַנדער שונא. ער האָט איצט אָנגעהויבן גיכער צו יאָגן, דערשמעקנדיק דעם פרישערן ריח, און די בלויע פלוספעדערן האָבן געשניטן דאָס וואַסער.

ווען דער אַלטער האָט אים געזען קומען האָט ער געוווּסט, אַז דאָס איז אַ הײַפּיש, וואָס האָט גאָר קיין מורא ניט און וועט טאָן אַלץ וואָס עס׳ גלוסט זיך אים. דער אַלטער האָט צוגעגרייט דעם האַרפּון און דעם שטריק, צוקוקנדיק ווי דער הײַפּיש קומט אָן. דער שטריק איז געווען קורץ, ווײַל עס האָט געפעלט דאָס שטיק מיט וועלכן ער האָט צוגעבונדן דעם פיש.

דעם אַלטנס קאָפּ איז איצט געווען קלאָר און פריש און פול מיט אַנטשלאָסנקייט, נאָר מיט ווייניק האָפענונגען. עס איז געווען צו גוט, אַז עס זאָל לאַנג אַזוי דויערן, האָט ער געטראַכט. ער האָט גוט אַ קוק געטאָן אויפן גרויסן פיש און געטראַכט, אַז ס׳האָט אפשר יאָ געקענט זײַן אַ חלום. איך קען אים ניט צוריקהאַלטן, נאָר אפשר וועל איך אים קענען פּאַקן. ״דענטוסאָ״, האָט ער געטראַכט. אַ קללה אויף זײַן מוטער.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

דער הײַפֿיש האָט זיך דערנעענטערט, און ווען ער איז באַפֿאַלן דעם פֿיש, האָט דער אַלטער געזען, ווי זײַן מויל עפֿנט זיך, און זײַנע אויסטערלישע אויגן און די שאַרפֿע ציין, בעת זיי האָבן זיך אײַנגעביסן אין פֿלייש איבערן עק. דער קאָפּ פֿון הײַפֿיש איז געווען אויסערן וואַסער און זײַן רוקן האָט זיך אַרויסגעהויבן און דער אַלטער האָט געקענט הערן דאָס גערודער פֿון הויט און פֿלייש בײַם גרויסן פֿיש. ער האָט אָנגעצילט דעם האַרפּון צום קאָפּ פֿון הײַפֿיש — אויף אַן אָרט, ווו די ליניעס צווישן די אויגן זענען זיך צוזאַמענגעקומען מיט דער ליניע, וואָס איז געלאָפֿן גלײַך פֿון דער נאָז. עס זענען אָבער ניט געווען אַזעלכע ליניעס. ס'איז בלויז געווען דער שווערער שאַרפֿער בלויער קאָפּ און די גרויסע אויגן און דער פֿאַרצוקנדיקער פּיסק. נאָר דאָס איז געווען די ריכטונג פֿון מוח און אַהין האָט דער אַלטער געצילט. מיט די פֿאַרבלוטיקטע הענט האָט ער אָפּגעלאָזט דעם האַרפּון — ער האָט עס געטאָן אָן שום האָפֿענונג, נאָר מיט פֿעסטקייט און מיט אַ סך בייזוויליקייט.

דער הײַפֿיש האָט זיך איבערגעקערט און דער אַלטער האָט געזען, אַז זײַן אויג איז אויסגעלאָשן און טויט. און דערנאָך האָט ער זיך ווידער איבערגעקערט, פֿאַרפֿלאָנטערנדיק זיך אין צוויי שלייפֿן פֿון שטריק. דער אַלטער האָט געוווסט, אַז ער איז אַזוי גוט ווי טויט, נאָר דער הײַפֿיש האָט עס ניט געוואָלט אָננעמען. דערנאָך, אויפֿן רוקן, מיטן פֿלאָטערנדיקן עק און קלאַפּנדיקן פּיסק, האָט דער הײַפֿיש געשניטן דאָס וואַסער ווי אַ יאָגשיפֿל. דאָס וואַסער איז געווען ווײַס פֿון פּאַטשנדיקן עק און דרײַ פֿערטל פֿון זײַן גוף איז איצט געווען איבערן

ערנעסט
העמינגוויי

וואַסער, בעת דער שטריק האָט זיך אָנגעצויגן, אַ צאַפּל געטאָן און זיך צעריסן. דער הײַפֿיש איז געלעגן שטיל אַ ווײַל אויף דעם אייבערפֿלאַך און דער אַלטער האָט געקוקט אויף אים; דערנאָך האָט ער זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט אין וואַסער.

„ער האָט מיטגענומען אַרום פֿערציק פֿונט מיט זיך", האָט דער אַלטער הויך געזאָגט. ער האָט אויך מיטגענומען מײַן האַרפּון און אַלע שטריק, האָט ער געטראַכט, און מײַן פֿיש בלוטיקט איצט ווידער און עס וועלן באַלד קומען אַנדערע.

ער האָט מער ניט געוואָלט קוקן אויפֿן פֿיש, זינט ער איז געוואָרן אַזוי צעקאַליעטשעט. דאָס באַפֿאַלן דעם פֿיש איז געווען גלײַך ווי מען וואָלט אים באַפֿאַלן.

איך האָב אָבער דערהרגעט דעם הײַפֿיש, וואָס איז באַפֿאַלן מײַן פֿיש, האָט ער געטראַכט, און ער איז געווען דער גרעסטער „דענטוסאָ", וואָס איך האָב ווען געזען. און איין גאָט ווייסט וואָס פֿאַר אַ גרויסע „דענטוסאָס" כ'האָב אין מײַן לעבן געזען.

ס'איז געווען צו גוט, אַז ס'זאָל אָנהאַלטן אַזוי, האָט ער געטראַכט. איצט וואָלט איך געוואָלט, עס זאָל געווען זײַן אַ חלום און אַז איך זאָל אים ניט האָבן געכאַפּט, דעם גרויסן פֿיש, און בעסער געלעגן אַליין אין בעט אויף די צײַטונגען.

„נאָר אַ מענטש ווערט ניט באַשאַפֿן פֿאַר דורכפֿאַלן", האָט ער געזאָגט. „אַ מענטש קען אומגעבראַכט ווערן, צעשטערט ווערן, אָבער באַזיגן קען מען אים ניט. עס טוט מיר אָבער באַנג, וואָס איך האָב

# דער אַלטער
# און
# דער ים

דערהרגעט דעם פֿיש, האָט ער געטראַכט. די ערגסטע צײַט קומט איצט און איך האָב אַפֿילו ניט דעם האַרפּון. דער "דענטוסאָ" איז גרויזאַם און שטאַרק און שׂכלדיק. נאָר איך האָב געהאַט מער שׂכל פֿון אים. אפֿשר ניט, האָט ער געטראַכט, אפֿשר בין איך געווען בעסער באַוואָפֿנט.

"טראַכט ניט, אַלטיטשקער", האָט ער הויך געזאָגט. "זעגל ווײַטער און נעם אַלץ אָן פֿאַר ליב".

איך מוז אָבער טראַכטן, האָט ער געטראַכט. דאָס איז אַלץ, וואָס מיר איז איבערגעבליבן. דאָס און בייסבאָל. איך בין נײַגעריק, ווי אַזוי דעם גרויסן די־מאַדזשיאָ וואָלט געווען געפֿעלן דער אופֿן, ווי איך האָב אים דערלאַנגט אין מוח. ס'איז גאָרניט געווען אַזאַ גרויסע זאַך, האָט ער געטראַכט. יעדער מאַנספּאַרשוין קען עס טאָן. האַלטסטו אָבער ניט, אַז מײַנע הענט זענען מיר געווען אַזאַ שטער ווי דיר די ביינער־שפּאָרן? איך קען ניט וויסן. איך האָב קיין מאָל ניט געהאַט צו טאָן מיט די פּיאַטעס, אויסער ווען עפּעס האָט מיר געגעבן אַ שטאָך בײַם שווימען און פּאַראַליזירט דעם אונטערשטן פֿוס און דער ווייטיק איז געווען ניט אויסצוהאַלטן.

"טראַכט וועגן אַ פֿריילעכערער זאַך, אַלטיטשקער", האָט ער געזאָגט. "מיט יעדער רגע ביסטו איצט נעענטער אַהיים. ס'איז לײַכטער צו זעגלען מיט פֿערציק פֿונט ווייניקער".

ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, וואָס עס קען געשען, ווען ער וועט דערגרייכן דעם אינעווייניקסטן טייל פֿון וואַסערשטראָם. נאָר ער האָט איצט גאָרניט געקענט טאָן דערצו.

## ערנעסט העמינגוועי

״יאָ, איך קען יאָ עפּעס טאָן״, האָט ער הויך געזאָגט. ״איך קען צובינדן דאָס מעסער צו איינעם פֿון די רודערס״.

ער האָט טאָקע אַזוי געטאָן.

״אַט אַזוי״, האָט ער געזאָגט. ״איך בין נאָך אַלץ אַן אַלטער מאַן. איך בין אָבער ניט אומבאַוואָפֿנט״.

דאָס ווינטל איז איצט געווען פֿריש און דאָס זעגלען גוט. ער האָט בלויז געקוקט אויפֿן פֿאָדערשטן טייל פֿיש און אַ ביסל האָפֿענונג האָט זיך צו אים אומגעקערט.

ס׳איז נאַריש ניט צו האָפֿן, האָט ער געטראַכט. חוץ דעם, גלייב איך, אַז ס׳איז אַ זינד. טראַכט ניט וועגן קיין זינד, האָט ער געטראַכט. עס זענען איצט דאָ גענוג אַנדערע צרות אָן זינד. איך ווייס אין גאַנצן ניט, וואָס דאָס איז אַזוינס.

איך פֿאַרשטיי ניט, וואָס דאָס איז, און איך בין ניט זיכער, צי איך גלייב אין דעם. אפֿשר איז עס געווען אַ זינד צו דערהרגענען דעם פֿיש. איך שטעל זיך פֿאָר, אַז יאָ, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איך האָב עס געטאָן אויף צו קאָנען לעבן און צו שפּײַזן אַ סך מענטשן. אויב אַזוי, איז אַלץ אַ זינד. טראַכט ניט פֿון קיין זינד. ס׳איז שוין אַ ביסל צו שפּעט דערויף און עס זענען דאָ מענטשן, וואָס קריגן באַצאָלט דערפֿאַר. זאָלן זיי טראַכטן דערפֿון. דו ביסט געבוירן געוואָרן צו זײַן אַ פֿישער, ווי די פֿיש זענען געבוירן געוואָרן צו זײַן פֿיש. סאַן פּעדראָ איז געווען אַ פֿישער, ווי אויך דער פֿאָטער פֿון גרויסן די־מאַדזשיאָ.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

ער האָט אָבער ליב געהאַט צו טראַכטן וועגן אַלע זאַכן, אין וועל־כע ער איז אַ מאָל געווען פֿאַרמישט. אַזוי ווי ס'איז גאָרניט געווען צו לייענען און ער האָט ניט געהאַט קיין ראַדיאָ, האָט ער אַ סך גע־טראַכט און ניט אויפֿגעהערט צו טראַכטן פֿון זינד. דו האָסט ניט דערהרגעט דעם פֿיש בלויז כּדי צו בלייבן לעבן און אים פֿאַרקויפֿן פֿאַר שפּייז, האָט ער געטראַכט. דו האָסט אים דערהרגעט צוליב גאווה און ווייל דו ביסט אַ פֿישער. דו האָסט אים ליב געהאַט, ווען ער האָט געלעבט, און ליב געהאַט שפּעטער. אויב דו האָסט אים ליב, איז עס ניט קיין זינד אים צו דערהרגענען. אָדער אפֿשר איז עס נאָך אַ גרעסערע זינד?

״דו טראַכטסט צו פֿיל, אַלטיטשקער״, האָט ער הויך געזאָגט.

נאָר דו האָסט הנאה געהאַט צו דערהרגענען דעם ״דענטוסאָ״, האָט ער געטראַכט. ער לעבט פֿון פֿאַרצוקן לעבעדיקע פֿיש ווי דו. ער איז ניט קיין רויבפֿויגל אָדער גלאַט אַזוי אַ באַשעפֿעניש מיט אַפּעטיט ווי טייל הייפֿיש. ער איז שיין און נאָבל און האָט פֿאַר קיין שום זאַך קיין מורא ניט.

״איך האָב אים דערהרגעט אין זעלבסט־פֿאַרטיידיקונג״, האָט דער אַלטער הויך געזאָגט. ״און איך האָב עס געטאָן ווי עס דאַרף צו זיין״.

און צווייטנס, דאַרפֿסטו וויסן, האָט ער געטראַכט, אַז איין לעבעדיקע זאַך דערהרגעט אַן אַנדערע אויף איין אופֿן אָדער אַן אַנדערן. דאָס כאַפּן פֿיש דערהרגעט מיך פּונקט ווי עס דערהאַלט מיך ביים לעבן. דאָס ייִנגל דערהאַלט מיך ביים לעבן, האָט ער געטראַכט. איך טאָר זיך ניט צו פֿיל אָפּנאַרן.

## ערנעסט
## העמינגוועי

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף איין זײַט און אָפּגעריסן אַ שטיק פֿלייש פֿון פֿיש, ווו דער הײַפֿיש האָט אים צעקאַליעטשעט. ער האָט עס געקײַט און געזען, אַז ס׳איז גוט און באַטעמט. ס׳איז געווען האַרט און זאַפֿטיק ווי פֿלייש, נאָר ניט רויט. ס׳איז ניט געווען שטריקלדיק און ער האָט געוווּסט, אַז עס וועט ברענגען דעם העכסטן פּרײַז אויפֿן מאַרק. ער האָט אָבער ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן, אויף אויסצובאַהאַלטן דעם ריח פֿון בלוט, און דער אַלטער האָט געוווּסט, אַז עס דערנעענטערט זיך אַן עת־צרה.

דער ווינט האָט ניט נאָכגעלאָזט. ער האָט זיך אָפּגערוקט אַ ביסל ווײַטער צו צפֿון־מזרח און ער האָט געוווּסט, אַז עס וועט שוין פֿאַרבלײַבן אַזוי. דער אַלטער האָט געקוקט פֿאָרויס, נאָר ניט געקענט זען קיין שום זעגל אָדער אַ רודער אָדער רויך פֿון אַ שיף. ער האָט נאָר געזען די פֿליפֿיש, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון שיפֿבויגן, און די געלע גאָלף־געוויקסן. ער האָט אַפֿילו קיין פֿויגל ניט געזען.

ער האָט אַזוי געזעגלט צוויי שעה, אָפּרוענדיק זיך אין דעם הינטערשטן טייל פֿון שיף און געקײַט פֿון צײַט צו צײַט אַ שטיקל פֿלייש פֿון שפּיזפֿיש. ער האָט געוואָלט רוען, ער זאָל ניט פֿאַרלירן די כּוחות. מיט אַ מאָל האָט ער דערזען דעם ערשטן פֿון די צוויי הײַפֿיש.

„אײַ״, האָט ער הויך אַ זאָג געטאָן. דאָס איז אַ וואָרט, וואָס מען קאָן ניט פֿאַרשטיין, אפֿשר איז עס ניט מער ווי אַ קלאַנג אַזאַ, וואָס אַ מענטש לאָזט אַרויס גלאַט אַזוי, ווען ער פֿילט, אַז אַ נאָגל שטעכט אים אַדורך די הענט און גייט אַרײַן אין האָלץ.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

“גאַלאַנאָס”, האָט ער הויך געזאָגט. ער האָט געזען דעם צווייטנס פֿלוספֿעדערן באַלד הינטער דעם ערשטנס, און אין די ברוינע דרײַעקיקע פֿלוספֿעדערן און אין די ברייטע באַוועגונגען פֿון עק האָט ער דערקענט, אַז דאָס זענען שופֿל־נעזיקע הײַפֿיש. זיי האָבן דערשנאַפּט דעם ריח, זענען געווען צערייצט, און אין דער נאַרישקייט פֿון זייער גרויסן הונגער האָבן זיי געהאַלטן אין איין פֿאַרלירן און געפֿינען דעם ריח אין זייער צערודערונג. נאָר זיי זענען געקומען אַלץ נענטער און נענטער.

דער אַלטער האָט באַפֿעסטיקט דעם לײַוונט און פֿאַרקלאַפּט דעם קאַסטן. דערנאָך האָט ער גענומען דעם רודער, צו וועלכן ס'איז געווען צוגעבונדן דאָס מעסער. ער האָט אים אויפֿגעהויבן אַזוי לײַכט ווי נאָר מעגלעך, ווײַל די הענט האָבן רעוואָלטירט קעגן ווייטיק. דערנאָך האָט ער זיי געעפֿנט און זיי פֿאַרמאַכט, אַז זיי זאָלן אויפֿנעמער דעם ווייטיק און זיך ניט צוריקציִען. ער האָט געזען, ווי די הײַפֿיש קומען אָן. ער האָט איצט געקענט זען זייערע ברייטע, פֿלאַכע, שופֿל־געשפּיצטע קעפּ און זייערע ווײַס באַשפּריצטע ברייטע פֿלוספֿעדערן בײַ דער ברוסט. זיי זענען געווען בייזע הײַפֿיש מיט אַ שלעכטן ריח, פֿאַרצוקערס און מערדער, און ווען זיי זענען הונגעריק קענען זיי אײַנבײַסן אַ רודער ניט נאָר פֿון אַ קליין שיפֿל, נאָר אויך פֿון אַ גרויסער שיף. די דאָזיקע הײַפֿיש שנײַדן אָפּ די פֿיס פֿון טשערעפּאַכעס, ווען די טשערעפּאַכעס שלאָפֿן, און זיי קענען באַפֿאַלן אַ מענטש אין וואַסער, ווען זיי זענען הונגעריק, אַפֿילו ווען דער מענטש האָט אויף זיך ניט קיין בלוט פֿון פֿיש אָדער פֿיששלאַם.

## ערנעסט
## העמינגווײ

„אײַ“, האָט דער אַלטער געזאָגט. „גאַלאַנאָס“. קומט, „גאַלאַנאָס“.

זײ זענען געקומען. זײ זענען אָבער ניט געקומען ווי דער פֿריִערדיקער הײַפֿיש איז געקומען. אײנער האָט זיך אויסגעדרײט און איז פֿאַרשוווּנדן אונטערן שיפֿל און דער אַלטער האָט געקענט פֿילן, ווי דאָס שיפֿל שאָקלט זיך, בעת דער „רוצח“ האָט געריסן און געפּליקט שטיקער פֿיש. דער אַנדערער האָט געקוקט אויפֿן אַלטן מיט די געלע אויגנשניטן און אַרײַנגעקומען מיט זײַן ברייטן קײַלעכדיקן פּיסק, גרייט צו באַפֿאַלן דעם פֿיש, ווו ער איז שוין פֿריִער געווען אײַנגעביסן. דער קנייטש האָט זיך קלאָר געוויזן אויף דעם שפּיץ פֿון זײַן ברוינעם קאָפּ און דעם רוקן, ווו דער מוח איז זיך צוזאַמענגעקומען מיטן רוקנביין, און דער אַלטער האָט אַרײַנגעזעצט דאָס מעסער אויפֿן רימען פּונקט אויף יענעם פּלאַץ, עס צוריק אַרויסגעצויגן און עס ווידער אַרײַנגעשאָסן אין די געלע קעצישע אויגן פֿון הײַפֿיש. דער הײַפֿיש האָט אָפּגעלאָזט דעם פֿיש און זיך אַראָפּגעגליטשט, אײַנשלינגענדיק וואָס ער האָט אָפּגעביסן בײַם פּגרן.

דאָס שיפֿל האָט זיך נאָך אַלץ געשאָקלט פֿון דעם וואָס דער אַנדערער הײַפֿיש האָט זיך געלאָזט ווילגיין מיטן פֿיש און דער אַלטער האָט אָפּגעלאָזט דאָס האַרטע לײַוונט, דאָס שיפֿל זאָל זיך אַ טרייסל טאָן און אַרויסטרײַבן דעם הײַפֿיש פֿון וואַסער. ווען ער האָט דערזען דעם הײַפֿיש, האָט ער זיך אַריבערגעבויגן און אים גענומען דערלאַנגען קלעפּ פֿון אַלע זײַטן. ער האָט אָבער בלויז אָנגעשלאָגן אין דעם פֿלייש און אין דער פֿעל און קוים געקענט אַרײַנשטעקן דאָס מעסער. דער קלאַפּ האָט אים ניט נאָר ווײ געטאָן אין די הענט, נאָר אויך

# דער אַלטער
# און
# דער ים

אין די אַקסלען. נאָר דער הײַפֿיש איז גיך אַרויפֿגעקומען מיטן קאָפּ אַרויס און דער אַלטער האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס מעסער פּונקט אויף זײַן פֿלאַך־שפּיצעכיקן קאָפּ. דער אַלטער האָט אַרויסגעצויגן דאָס מעסער און אים ווידער דערלאַנגט אויפֿן זעלבן אָרט. ער האָט זיך נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן אין פֿיש מיטן אויסגעקרימטן פּיסק, און דער אַלטער האָט אַרײַנגעשטאָכן דאָס מעסער אין זײַן לינקן אויג. דער הײַפֿיש איז אַלץ געבליבן הענגען דאָרט.

„ניין?" האָט דער אַלטער געזאָגט און אַרײַנגעיאָגט דאָס מעסער צווישן רוקנביין און מוח. דער אַלטער האָט געוווסט, אַז דאָס מאָל האָט ער עפּעס אויפֿגעטאָן. ער האָט איבערגעדרייט דעם רודער און אַרײַנגעזעצט דאָס מעסער צווישן פּיסק פֿון הײַפֿיש און עס גענומען דרייען און דרייען אויף אַלע זײַטן. ווען דער הײַפֿיש האָט זיך אַראָפּגעגליטשט, האָט ער געזאָגט: „גוט אַזוי, גאַלאַנאָ. גליטש זיך אַראָפּ אַ מײַל די טיף. ווערסט דאָרט באַגעגענען דײַן פֿרײַנד, אָדער אפֿשר איז עס דײַן מוטער".

דער אַלטער האָט אָפּגעווישט די שאַרף פֿון מעסער און אַוועקגעלייגט דעם רודער און ווידער געלאָזט לויפֿן די זעגלען.

„זיי האָבן געמוזט אויפֿפֿרעסן אַ פֿערטל פֿיש און פֿון סאַמע בעסטן פֿלייש", האָט ער הויך געזאָגט. „הלוואי וואָלט עס געווען אַ חלום און איך וואָלט אים קיין מאָל ניט געווען געכאַפּט. עס טוט מיר באַנג, פֿיש". ער האָט איצט ניט געוואָלט קוקן אויפֿן פֿיש. דאָס בלוט אויסגעצאַפּט, האָט ער איצט אויסגעזען ווי דער זילבערנער רוקן פֿון אַ שפּיגל און זײַנע שטרײַפֿן האָבן זיך נאָך אַלץ אָנגעזען.

## ערנעסט העמינגווײ

„איך װאָלט זיך ניט געװען באַדאַרפֿט אַרויסלאָזן אַזוי װײַט, פֿיש“, האָט ער געזאָגט. „ס'איז ניט גוט געװען פֿאַר דיר און ניט פֿאַר מיר. עס טוט מיר באַנג, פֿיש“.

איצטער, האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין, גיב נאָר אַ קוק, צי דאָס שטריקל אַרום מעסער איז ניט צעשניטן. און גיב אַכטונג אויף דער האַנט, װײַל עס קומען נאָך ערגערע זאַכן.

„איך װאָלט געװאָלט האָבן אַ שטיין אַנשטאָט דעם מעסער“, האָט דער אַלטער געזאָגט, נאָך דעם װי ער האָט באַטראַכט דאָס פֿאַרבונדענע מעסער אויפֿן רודער. „איך װאָלט געװען באַדאַרפֿט מיטברענגען אַ שטיין“. װאָלטסט געװען באַדאַרפֿט מיטברענגען אַ סך זאַכן, האָט ער געטראַכט. נאָר דו האָסט זיי ניט געבראַכט, אַלטיטשקער. איצט איז ניט די צײַט צו טראַכטן פֿון דעם װאָס דו האָסט ניט. טראַכט, װאָס דו קענסט טאָן מיט דעם װאָס דו האָסט.

„דו גיסט מיר גוטע עצות“, האָט ער הויך געזאָגט. „איך בין מיד דערפֿון“.

ער האָט אײַנגעװייקט בײדע הענט אין װאַסער און דאָס שיפֿל איז זיך דערװײַל געגאַנגען װײַטער.

„גאָט װייסט, װיפֿל דער לעצטער האָט צוגערויבט“, האָט ער געזאָגט. „נאָר דאָס שיפֿל איז איצט אַ סך לײַכטער“. ער האָט ניט געװאָלט טראַכטן פֿון דעם צעקאַליעטשעטן חלק פֿון דעם פֿיש. ער האָט געװוּסט, אַז מיט יעדן אויפֿטרייסל האָט דער הײַפֿיש אָפּגעריסן גרויסע שטיקער פֿלייש און אַז דער פֿיש האָט איצט איבערגעלאָזט אַ שפּור, ברייט װי אַ שאָסיי, פֿאַר אַלע הײַפֿיש אין ים.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

דאָס איז געווען אַ פֿיש, וואָס קאָן קלעקן פֿאַר אַ מענטש אויף אַ גאַנצן ווינטער, האָט ער געטראַכט. טראַכט ניט דערפֿון. רו זיך אָפּ און זע, אַז די הענט זאָלן זײַן אין אָרדענונג צו באַשיצן, וואָס איז איבערגעבליבן. דער בלוט־ריח פֿון מײַנע הענט איז איצט גאָרניט אין פֿאַרגלײַך מיט דעם ריח אין וואַסער. זיי בלוטיקן גאָרניט אַזוי פֿיל. ס'איז זייער ווייניק צעשניטן. דאָס בלוטיקן וועט אפֿשר צוריקהאַלטן די לינקע האַנט, זי זאָל נישט ווערן פֿאַרקראַמפּט.

וואָס קען איך איצט טראַכטן? האָט ער געטראַכט. גאָרניט. איך מוז טראַכטן פֿון גאָרניט און וואַרטן. הלוואי וואָלט עס טאַקע ניט געווען מער ווי אַ חלום, האָט ער געטראַכט. נאָר ווער ווייסט? ס'וואָלט זיך אפֿשר געווען אויסגעלאָזט גוט.

דער נײַער הײַפֿיש איז געקומען אַליין. ער איז געקומען ווי אַ חזיר צו דער קאָרעטע, אויב אַ חזיר וואָלט געהאַט אַזאַ גרויסן פּיסק, אַז מען זאָל אַהין קענען אַרײַנלייגן אַ קאָפּ. דער אַלטער האָט אים געלאָזט זיך נעמען צום פֿיש און דערנאָך אַרײַנגעזעצט דאָס מעסער אין זײַן מוח. נאָר דער הײַפֿיש האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק, זיך אַ קוילער געטאָן און די שאַרף פֿון מעסער האָט זיך אָפּגעבראָכן.

דער אַלטער האָט גענומען רודערן. ער האָט אַפֿילו ניט געזען, ווי דער גרויסער הײַפֿיש זינקט אַראָפּ אין וואַסער, ווערנדיק אַלץ קלענער און קלענער. ער פֿלעגט פֿון דעם שטענדיק אַזוי אָנקוועלן. נאָר איצט האָט ער אַפֿילו ניט געקוקט אויף דעם.

## ערנעסט העמינגוועי

"איך האָב איצט דעם קווערשטאַנג", האָט ער געזאָגט. "נאָר קיין סך גוטס וועט עס ניט אויפֿטאָן. איך האָב די צוויי רודערס און די פּאַלקע".

איצטער האָבן זיי מיך באַזיגט, האָט ער געטראַכט. איך בין צו אַלט צו דערהרגענען הײַפֿיש מיט שטעקנס. נאָר איך וועל זען, וואָס איך קען טאָן, אַזוי לאַנג ווי איך האָב די רודערס און די פּאַלקע.

ער האָט ווידער אַרײַנגעלייגט די הענט אין וואַסער זיי אויסצוּווייקן. ס'איז געווען גאָר שפּעט נאָך מיטאָג און ער האָט גאָרניט געזען נאָר דעם ים און דעם הימל. ס'איז געווען נאָך מער ווינט און הימל ווי פֿריִער און ער האָט געהאָפֿט, אַז גאָר אין גיכן וועט ער אָנזען לאַנד.

"ביסט מיד, אַלטיטשקער", האָט ער געזאָגט. "ביסט מיד אינעווייניק".

די הײַפֿיש זענען אים ניט באַפֿאַלן ביז ערשט נאָענט צום זונפֿאַרגאַנג.

דער אַלטער האָט געזען דאָס קומען פֿון די ברוינע פֿלוספֿעדערן אויפֿן ברייטן שפּור, וואָס דער פֿיש האָט געמאַכט אין וואַסער. זיי האָבן זיך ניט פֿאַרלאָזט אויפֿן ריח. זיי האָבן זיך געלאָזט גלײַך צום שיפֿל, שווימענדיק זײַט בײַ זײַט.

ער האָט באַפֿעסטיקט דאָס לײַוונט און אויסגעשטרעקט די האַנט נאָך דער פּאַלקע, וואָס איז געווען אַ הענטל פֿון אַ צעבראָכענעם רו־דער, אָפּגעזעגט אויף אַרום צוויי און אַ האַלב פֿוס די לענג. ער האָט עס געקענט נוצן ווי געהעריק מיט איין האַנט צוליב דעם הענטל.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

זעענדיק ווי די הײַפֿיש קומען, האָט ער אַ נעם געטאָן די פּאַלקע אין דער רעכטער האַנט. ביידע זענען זיי געווען „גאַלאַנאָס“.

איך מוז זען, אַז דער ערשטער זאָל זיך גוט אײַנבײַסן און אים אַ זעץ טאָן אויף דער שפּיץ נאָז אָדער אויפֿן שפּיץ קאָפּ, האָט ער גע־טראַכט.

די צווײ הײַפֿיש האָבן זיך דערנעענטערט, און ווען ער האָט געזען, אַז דער וואָס איז געווען נעענטער צו אים האָט געעפֿנט דעם פּיסק און אײַנגעביסן אין דער זילבערנער זײַט פֿון פֿיש, האָט ער אויפֿ־געהויבן הויך די פּאַלקע און זי אַראָפּגעלאָזט אויפֿן ברייטן קאָפּ פֿון הײַפֿיש. ער האָט געפֿילט די גומענע פֿעסטקייט, ווען די פּאַלקע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. ער האָט אָבער אויך געפֿילט די האַרטע שטײַפֿ־קייט פֿון ביין און נאָך אַ מאָל דערלאַנגט דעם הײַפֿיש איבער דער שפּיץ נאָז, בעת ער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פֿון פֿיש.

דער אַנדערער הײַפֿיש האָט זיך שוין געהאַט עטלעכע מאָל אײַנ־געביסן אין פֿיש און זיך איצט ווידער אַ לאָז געטאָן מיט אַ צעעפֿנטן פּיסק. דער אַלטער האָט געקענט זען ווײַסע שטיקער פֿלייש אַרויס־פֿאַלן פֿון מוילווינקל, ווען ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אין פֿיש און פֿאַר־מאַכט דעם פּיסק. דער אַלטער האָט זיך אַ לאָז געטאָן און אים בלויז אַ זעץ געטאָן אויפֿן קאָפּ און דער הײַפֿיש האָט געקוקט אויף אים און אַרויסגעלאָזט דאָס פֿלייש. דער אַלטער האָט ווידער אַראָפּגעלאָזט אויף אים די פּאַלקע, ווען ער האָט זיך אַוועקגעגליטשט צום אַראָפּ־שלינגען און בלויז אָנגעשלאָגן אין דער שווערער האַרטער הויט.

ערנעסט
העמינגוועי

״קום אַהער, גאַלאַנאָ״, האָט דער אַלטער געזאָגט. ״קום נאָך אַ מאָל אַהער״.

דער הײַפֿיש האָט זיך אַ לאָז געטאָן און דער אַלטער האָט אים דערלאַנגט, ווען ער האָט פֿאַרמאַכט דעם פּיסק. דאָס מאָל האָט ער געפֿילט דעם ביין ניט ווײַט פֿון מוח און ער האָט אים ווידער דערלאַנגט אויפֿן זעלבן אָרט, בעת דער הײַפֿיש האָט שלאַבעריק אָפּגעריסן אַ שטיק פֿלייש און זיך אַראָפּגעגליטשט פֿון פֿיש.

דער אַלטער האָט געוואַרט, ער זאָל ווידער אַרויפֿקומען, נאָר קיין איינער פֿון די צוויי הײַפֿיש האָט זיך מער ניט באַוויזן. דערנאָך האָט ער געזען איינעם אויף דעם איבערפֿלאַך שווימענדיק קײַלעכדיק אין אַ קרײַז. ער האָט ניט געזען די פֿלוספֿעדערן פֿון צווייטן.

איך האָב זיך ניט געקענט ריכטן אים צו דערהרגענען, האָט ער געטראַכט. אַ מאָל וואָלט איך עס יאָ געקענט טאָן. נאָר איך האָב זיי ביידן גוט ווי געטאָן און קיין איינער פֿון זיי קען זיך איצט ניט פֿילן צו גוט. ווען איך וואָלט געווען געקענט נוצן אַ בייסבאָל־שטעקן מיט ביידע הענט, וואָלט איך דעם ערשטן זיכער געווען צעממיתט, דער־הרגעט. אַפֿילו איצטער, האָט ער געטראַכט.

ער האָט ניט געוואָלט קוקן אויפֿן פֿיש. ער האָט געוווּסט, אַז אַ העלפֿט פֿון פֿיש איז אין גאַנצן אָפּגעשונדן. די זון איז אונטערגעגאַנגען, בעת ער האָט אָנגעפֿירט דעם קאַמף מיט די הײַפֿיש.

״ס׳וועט באַלד זײַן פֿינצטער״, האָט ער געזאָגט. ״און איך וועל קענען זען דעם אָפּגלאַנץ פֿון האַוואַנע. אויב איך בין צו ווײַט אַוועק פֿון מזרח, וועל איך זען די ליכטער פֿון איינעם פֿון די נײַע זאַמדברעגעס״.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

איך קען ניט זײַן צו ווײַט, האָט ער געטראַכט. איך האָף, אַז קיינער איז דאָרט ניט באַזאָרגט וועגן מיר. עס איז ניטאָ, ווער עס זאָל זיך זאָרגן אַחוץ דעם יינגל, פאַרשטייט זיך. אַ סך פון די עלטערע פישער־לײַט וועלן זיך אפשר זאָרגן. אַ סך אַנדערע אויך, האָט ער געטראַכט. איך וווין אין אַ גוטער שטאָט.

ער האָט מער ניט געקענט רעדן צום פיש, ווײַל דער פיש איז געווען צו שטאַרק צעניזוקט. דערנאָך איז אים עפּעס געקומען אין קאָפּ אַרײַן, עפּעס איז אים אײַנגעפאַלן.

"האַלבער פיש", האָט ער געזאָגט. "דו, וואָס ביסט געווען אַ פיש. עס טוט מיר באַנג, וואָס איך בין אַרויס צו ווײַט. זיי האָבן אונדז ביי־דע רויִנירט, נאָר מיר האָבן דערהרגעט אַ היפש ביסל הײַפיש, דו און איך, און צעקאַליעטשעט אַ היפש ביסל אַנדערע. וויפל האָסטו אומ־געבראַכט, אַלטער פיש? ניט אומזיסט האָסטו אַ שפּיז אויפן קאָפּ".

ער האָט ליב געהאַט צו טראַכטן פון פיש און וואָס ער וואָלט גע־טאָן צו אַ הײַפיש, ווען ער זאָל קענען שווימען פרײַ. איך וואָלט געווען געדאַרפט אָפּהאַקן דעם שיפּשנאָבל, זיי צו דערלאַנגען, האָט ער גע־טראַכט. עס איז אָבער ניט געווען ניט קיין האָק און ניט קיין מעסער. ווען איך וואָלט אָבער יאָ געווען געהאַט אַ מעסער און עס צוגעבונדן צום רודער, סאַראַ וואָפן דאָס וואָלט געווען. דאַן וואָלטן מיר איםביידע געווען באַקעמפט.

וואָס וועסטו איצט טאָן, ווען זיי וועלן קומען אין דער נאַכט? וואָס קאָנסטו טאָן?

## ערנעסט
## העמינגוועי

„זיי באַקעמפֿן", האָט ער געזאָגט. „איך וועל מלחמה האַלטן מיט זיי, ביז איך וועל שטאַרבן".

נאָר אין דער פֿינצטער, אָן שום ליכט, און בלויז מיטן וואָיענים פֿון ווינט און דעם אומאויפֿהערלעכן ציִען פֿון זעגל, האָט דער אַלטער געקלערט, אַז אפֿשר איז ער שוין גאָר טויט. ער האָט צוזאַמענגענומען ביידע האַנטפֿלאַכן און זיי אָנגערירט. זיי זענען ניט געווען טויט און ער האָט געקענט אויפֿוועקן דעם ווייטיק פֿון לעבן בלויז דורך עפֿע־נען זיי און פֿאַרמאַכן. ער האָט אָנגעשפּאַרט זײַן קאָפּ אין האַלצבברעט און געוווסט, אַז ער איז ניט טויט. די פּלייצעס האָבן עס אים געזאָגט.

איך בין נאָך שולדיק די אַלע תּפֿילות, וואָס איך האָב צוגעזאָגט, אויב איך וועל כאַפּן דעם פֿיש, האָט ער געטראַכט. נאָר איך בין איצט צו מיד. לאָמיך בעסער אַרויפֿלייגן דעם זאַק אויף די פּלייצעס.

ער איז געלעגן אַזוי און געוואַרט, אַז דער אָפּשטראַל זאָל זיך באַ־ווײַזן אויפֿן הימל. איך האָב אַ העלפֿט, האָט ער געטראַכט. אפֿשר וועל איך זײַן מזלדיק אַרײַנצוברענגען די אייבערשטע העלפֿט. אַ ביסל מזל וואָלט איך דאָך יאָ באַדאַרפֿט האָבן. ניין, האָט ער געזאָגט. דו האָסט פֿאַרשפּילט דאָס מזל, ווײַל דו האָסט זיך אַרויסגעלאָזט צו ווײַט.

„זײַ ניט קיין נאַר", האָט ער הויך געזאָגט. „זײַ וואַך און זע, וואָס דו טוסט. פֿיר די שיף אויפֿן ריכטיקן וועג. קענסט נאָך האָבן אַ סך מזל".

„איך וואָלט געוואָלט קויפֿן אַ ביסל מזל, אויב ס'איז דאָ אַ פּלאַץ, ווו מען פֿאַרקויפֿט עס", האָט ער געזאָגט.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

מיט וואָס קען איך עס קויפֿן? האָט ער זיך אַליין געפֿרעגט. קען איך עס קויפֿן מיט אַ פֿאַרלוירענעם האַרפּון און אַ צעבראָכענעם מע־סער און צוויי צעבלוטיקטע הענט?

"ס'איז גאַנץ מעגלעך", האָט ער געזאָגט. "דו האָסט עס פּרובירט קויפֿן מיט אַכט און פֿערציק טעג אויפֿן ים. מען האָט עס דיר שיר ניט פֿאַרקויפֿט אויך".

איך טאָר ניט טראַכטן קיין נאַרישקייטן, האָט ער געטראַכט. מזל איז אַ זאַך, וואָס קומט אויף פֿאַרשידענע אופֿנים, און ווער קען עס דערקענען? איך וואָלט עס אָבער גענומען ווי עס זאָל ניט שטיין און גיין און באַצאָלט, וויפֿל מען וויל. איך וואָלט אַזוי געוואָלט זען דעם אָפּשטראַל פֿון די ליכטער, האָט ער געטראַכט. איך וויל צו פֿיל. נאָר דאָס ווינטש איך זיך איצטער. ער האָט זיך געפּרוּווט מאַכן באַקווע־מער און פֿון זײַנע ווייטיקן האָט ער געוווּסט, אַז ער איז ניט טויט.

ער האָט געזען דעם אָפּגעשלאָגענעם גלאַנץ פֿון די ליכטער פֿון דער שטאָט און פֿאַרשטאַנען, אַז עס מוז אַוודאי זײַן אַרום צען אַ זייגער אין אָוונט. צו ערשט האָט מען זיי קוים אָנגעזען, ווי דאָס ליכט אויפֿן הימל, איידער די לבֿנה באַווײַזט זיך. דערנאָך האָט ער זיי געקענט גוט זען איבערן ים, וואָס איז איצט געווען אויפֿגעבראַוזט פֿון שאַר־פֿערן ווינט. ער האָט אַרײַנגעפֿירט דאָס שיפֿל אינעווייניק אין אָפּ־שטראַל און געטראַכט, אַז איצט וועט ער באַלד דערגרייכן דעם ברעג פֿון שטראָם.

## ערנעסט העמינגווײ

איצט איז עס אַריבער, האָט ער געטראַכט. זיי וועלן מיך אַוודאי ווידער באַפֿאַלן. נאָר ווי אַזוי קען אַ מאַן זיך אַן עצה געבן מיט זיי אין דער פֿינצטער אָן וואָפֿן?

ער איז איצט געווען שטײַף און צעקאַליעטשעט און זײַנע ווונדן און אַלע אָנגעשטרענגטע אבֿרים פֿון זײַן קערפּער האָבן אים שטאַרק וויי געטאָן אין דער נאַכטיקער קעלט. איך האָף נאָר, אַז איר וועט מער ניט דאַרפֿן מלחמה האַלטן, האָט ער געטראַכט. איך האָף אַזוי שטאַרק, אַז איך וועל ניט דאַרפֿן אָנפֿירן קיין קאַמף.

נאָר אַרום מיטן דער נאַכט האָט ער יאָ באַדאַרפֿט קעמפֿן און דאָס מאָל האָט ער געוווּסט, אַז דער קאַמף איז אַרויסגעוואָרפֿן. זיי זענען געקומען אין אַ גאַנצער מחנה און ער האָט נאָר געקענט זען די ליניעס אין וואַסער פֿון זייערע פֿלוספֿעדערן און זייער פֿאָספֿאָרנעם אָפּגלאַנץ, ווען זיי האָבן זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן פֿיש. ער האָט געקלאַפּט אויף קעפּ און געהערט, ווי די פּיסקעס אַרבעטן, און דאָס טרייסלען זיך פֿון שיפֿל, ווען זיי האָבן זיך באַזעצט אונטן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט קלעפּ און אין זײַן פֿאַרצווייפֿלונג נאָר געקענט פֿילן און הערן, און געפֿילט, ווי די פּאַלקע ווערט פֿאַרשוווּנדן. ער האָט אַראָפּגעריסן דאָס רעדל פֿון רודער, עס געהאַלטן אין ביידע הענט און גע־געבן קלעפּ דערמיט, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. נאָר איצט זענען זיי געווען נאָענט צום שיפֿבויגן, קומענדיק איינער נאָכן אַנדערן, און אָפּגעריסן שטיקער פֿלייש, וואָס האָבן אויפֿגעגלאַנצט אונטערן וואַסער, בעת זיי האָבן זיך אומגעקערט נאָך מער.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

ביז איינער איז צוגעקומען צום קאָפּ און ער האָט געוווּסט, אַז אַלץ איז פֿאַרבײַ. ער האָט אַ זעץ געטאָן מיטן רעדל אויפֿן קאָפּ פֿון הײַפֿיש, ווו דער פּיסק איז געווען אײַנגעביסן אין דער שווערקייט פֿון גרויסן פֿישס קאָפּ, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט אָפּרײַסן. ער האָט געהערט, ווי דאָס רעדל צעברעכט זיך און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויפֿן הײַפֿיש מיטן צעשפּאָלטענעם אײַזנשטיק. ער האָט געוווּסט, אַז ס׳איז שאַרף און ער האָט עס אײַנגעשטאָכן אין הײַפֿיש, וואָס האָט זיך אָפּגעטרייסלט און זיך אַוועקגעקוילערט. דאָס איז געווען דער לעצטער הײַפֿיש פֿון דער באַנדע. ס׳איז מער גאָרניט פֿאַרבליבן פֿאַר זיי צום פֿאַרצוקן.

דער אַלטער האָט איצט קוים געקענט אָטעמען און געהאַט אַ מאָדנעם זיסן בײַטעם אין מויל, און ער האָט זיך דערשראָקן דערפֿאַר. ס׳האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט.

ער האָט אַרײַנגעשפּיגן אין ים און געזאָגט: „נאַ, פֿרעס דאָס, ׳גאַלאַנאָס׳. און חלום, אַז דו האָסט דערהרגעט אַ מאַן“.

ער האָט געוווּסט, אַז ער קען איצט מער גאָרניט טאָן דערצו, אַז ער איז באַזיגט, און איז צוריקגעגאַנגען צום הינטערשטן טייל שיף און געזען, אַז דער אָפּגעבראָכענער שפּיץ זאָל זיך פּונקט אַרײַנפּאַסן אין רודער, כּדי ער זאָל נאָך קענען רודערן ווי עס דאַרף צו זײַן. ער האָט אַרויפֿגעלייגט דעם זאַק אויף זײַנע פּלייצעס און נאָכגעלאָזט דאָס שיפֿל. ער האָט איצט לײַכט געזעגלט און גאָרניט געטראַכט און גאָרניט געפֿילט. ער האָט אַלץ געלאָזט הינטער זיך און געזעגלט דאָס שיפֿל אויפֿן וועג אַהיים — אַזוי גוט און שׂכלדיק, ווי ער האָט נאָר

געקענט. אין דער נאַכט זענען הײַפֿיש באַפֿאַלן די ביינער פֿון גרויסן פֿיש, ווי מען קלויבט אויף די ברעקלעך פֿון אַ טיש. דער אַלטער האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. ער האָט בלויז באַמערקט, ווי לײַכט און ווי גוט דאָס שיפֿל זעגלט איצט, אַז עס האָט ניט צו שלעפּן אַן איבעריקע וואָג מיט זיך.

דאָס שיפֿל איז גאַנץ, האָט ער געטראַכט, און ניט באַשעדיקט. ער האָט געקענט פֿילן, אַז ער איז איצט אין שטראָם און געקענט זען די ליכטער פֿון די קאָלאָניעס בײַם ברעג. ער האָט געוווּסט, ווו ער געפֿינט זיך איצט און אַז ס׳איז אַ קינדערשפּיל אַהיימצוקומען פֿון דאַנען.

דער ווינט איז סײַ ווי סײַ געווען אונדזער פֿרײַנד, האָט ער געטראַכט. און צוגעגעבן: טייל מאָל. און דער גרויסער ים מיט אונדזערע פֿרײַנד און אונדזערע שונאים. און דאָס בעט, האָט ער געטראַכט. דאָס בעט איז געווען מײַן פֿרײַנד. נאָר דאָס בעט, האָט ער געטראַכט, דאָס בעט וועט זײַן גאָר אַ גוטע זאַך. ס׳איז לײַכטער נאָך אַ דורכפֿאַל, האָט ער געטראַכט. איך האָב קיין מאָל ניט געוווּסט, ווי לײַכט דאָס איז.

„גאָרניט“, האָט ער הויך געזאָגט. „איך בין צו ווײַט אַרויס“.

ווען ער איז אַרײַנגעקומען אין קליינעם האַפֿן, זענען די ליכטער פֿון די טעראַסעס געווען אויסגעלאָשן און ער האָט געוווּסט, אַז יעדער איינער געפֿינט זיך שוין אין בעט. דער ווינט האָט זיך געהאַלטן אין הייבן און איז איצט געווען שטאַרק. אין האַפֿן איז אָבער געווען

# דער אַלטער
# און
# דער ים

שטיל און ער האָט צוגעזוגלט צו דער קליינער שינדל־לאַטע אונטער די בערג. ס'איז קיינער ניט געווען, וואָס זאָל אים העלפֿן, האָט ער אַרויפֿגעשלעפּט דאָס שיפֿל, ווי ווײַט ער האָט נאָר געקענט. דער־נאָך איז ער אַרויס און עס צוגעבונדן צו אַ שטיין.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם מאַסט און צוזאַמענגעקנוילט די זעגלען און זיי פֿאַרבונדן. דערנאָך האָט ער אַרויפֿגעלייגט דעם מאַסט אויף די פּלייצעס און אָנגעהויבן צו קלעטערן. ערשט דעמאָלט האָט ער דערשפּירט, ווי טיף זײַן מידקייט איז אים אַרײַנגעקראָכן אין די ביינער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ רגע און געזען אין אָפּגעשלאָ־גענעם גאַסנליכט דעם גרויסן עק פֿון פֿיש אויף דעם הינטערשטן טייל פֿון זײַן שיפֿל. ער האָט געזען די גרויסע נאַקעטע פּאַסן פֿון זײַן רוקנ־ביין, די טונקעלע קאָפּמאַסע און דאָס גאַנצע קאָפּ־נאַקעטקייט אין צווישן.

ער האָט ווידער אָנגעהויבן קלעטערן און אויפֿן שפּיץ באַרג איז ער אומגעפֿאַלן און געלעגן אַ שטיק צײַט מיטן מאַסט אויף דער פּליי־צע. ער האָט זיך געוואָלט אויפֿהייבן, נאָר ס'איז אים אָנגעקומער שווער און ער איז געזעסן אַזוי מיטן מאַסט אויף דער פּלייצע און געקוקט אויפֿן וועג. דער אַלטער האָט געזען, ווי אַ קאַץ שלײַכט פֿאַרבײַ, און ער האָט ווײַטער גלאַט געקוקט אויפֿן וועג.

ער האָט סוף כּל סוף אַראָפּגענומען דעם מאַסט פֿון זיך און זיך אויפֿגעהויבן. דערנאָך האָט ער ווידער אויפֿגעהויבן דעם מאַסט, אַרויפֿגעלייגט אויף די פּלייצעס און זיך גענומען גיין מיטן וועג.

## ערנעסט העמינגוועי

ער האָט זיך געמוטשעט אַוועקזעצן פֿינף מאָל ביז ער האָט דערגרייכט זײַן שטיבל.

אינעווייניק האָט ער אָנגעשפּאַרט דעם מאַסט אָן דער וואַנט. אין דער פֿינצטער האָט ער געפֿונען אַ פֿלאַש און גענומען אַ טרונק וואַסער. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויפֿן בעט. ער האָט אַריבערגעצויגן די דעק איבער די אַקסלען און איבער דער פּלייצע און איבער די פֿיס און איז געשלאָפֿן מיטן פּנים אַראָפּ אויף די צײַטונגען, מיט די אָרעמס גלײַך אַרויס און מיט די דלאָניעס אַרויף.

ער איז געשלאָפֿן, ווען דאָס ייִנגל האָט אין דער פֿרי אַרײַנגעקוקט דורך דער טיר. דער ווינט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די שלעפּשיפֿלעך האָבן זיך ניט געקענט אַרויסלאָזן און דאָס ייִנגל איז געשלאָפֿן שפּעט און געקומען אין אַלטנס שטיבל, ווי ער פֿלעגט עס טאָן יעדן אינדערפֿרי. דאָס ייִנגל האָט געזען, ווי דער אַלטער אָטעמט, געזען דעם אַלטנס הענט און זיך צעוויינט. ער איז אַרויסגעגאַנגען זייער שטיל ברענגען קאַווע און דעם גאַנצן וועג האָט ער ניט אויפֿגעהערט צו וויינען.

אַ סך פֿישערלײַט האָבן אַרומגערינגלט דאָס שיפֿל צו זען, וואָס ס'איז געווען צוגעבונדן דערצו. איינער איז אַפֿילו געשטאַנען אין וואַסער, מיט אַרויפֿגעקאַטשעטע הויזן, און אָפּגעמאָסטן דעם סקעלעט מיט אַ שטריק.

דאָס ייִנגל איז ניט צוגעגאַנגען צו זיי. ער איז דאָרט געווען פֿריִער און איינער פֿון די פֿישערלײַט האָט אים געזאָגט, אַז מ'וועט האַלטן אַן אויג אויפֿן שיפֿל.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

״וואָס טוט ער ?״ האָט איינער פֿון די פֿישערלײַט אויסגעשריגן.

״ער שלאָפֿט״, האָט דאָס ייִנגל צוריקגעשריגן. עס האָט אים ניט געאַרט, וואָס זיי האָבן געזען, ווי ער וויינט. ״זאָל אים קיינער ניט טשעפּען״.

״ער איז געווען אַכצן פֿוס די לענג פֿון דער נאָז ביז צום עק״, האָט אויסגערופֿן דער פֿישער, וואָס האָט אים אָפּגעמאָסטן.

״איך קען דאָס גלייבן״, האָט דאָס ייִנגל געזאָגט.

ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין דער טעראַסע און זיך געהייסן געבן אַ קענדל קאַווע.

״הייס און מיט אַ סך מילך און צוקער״.

״נאָך עפּעס ?״

״ניין. שפּעטער וועל איך זען, וואָס ער קען עסן״.

״שוין איין מאָל אַ פֿיש״, האָט דער באַלעבאָס געזאָגט. ״ס'איז נאָך קיין מאָל ניט געווען אַזאַ פֿיש. דו האָסט נעכטן אויך געכאַפּט צוויי גאַנץ נישקשהדיקע פֿיש״.

״כ'האָב אין דר'ערד מײַנע פֿיש״, האָט דאָס ייִנגל געזאָגט און ווי־דער אָנגעהויבן וויינען.

״ווילסט אפֿשר עפּעס אַ טרונק ?״ האָט דער באַלעבאָס געפֿרעגט.

״ניין״, האָט דאָס ייִנגל געזאָגט. ״זאָג זיי, אַז זיי זאָלן ניט טשעפּען סאַנטיאַגאָן. איך וועל צוריקקומען״.

״זאָג אים, אַז ס'טוט מיר ווי דאָס האַרץ״.

ערנעסט
העמינגוועי

„אַ דאַנק", האָט דאָס ייִנגל געזאָגט.

דאָס ייִנגל האָט אַרויפֿגעטראָגן דאָס קענדל הייסע קאַווע צום אַלטנס שטיבל און איז געזעסן לעבן אים, ביז ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט. איין מאָל האָט עס אויסגעזען, גלײַך ווי ער האַלט בײַם אויפֿכאַפּן זיך, ער איז אָבער צוריק אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ טיפֿן שלאָף און דאָס ייִנגל איז אַוועק אַנטקעגן איבער דעם וועג און אַנטליגן אַ ביסל האָלץ אויף צו דערוואַרעמען די קאַווע.

ענדלעך האָט זיך דער אַלטער אויפֿגעכאַפּט.

„זעצט זיך ניט אויף", האָט דאָס ייִנגל געזאָגט. „טרינקט דאָס". ער האָט אָנגעגאָסן אַ ביסל קאַווע אין אַ גלאָז.

דער אַלטער האָט גענומען און געטרונקען.

„זיי האָבן מיך באַזיגט, מאַנאָלין", האָט ער געזאָגט. „זיי האָבן מיך אויף אַן אמתן באַזיגט".

„ער האָט אײַך ניט באַזיגט. ניט דער פֿיש".

„ניין. אמת. ס'איז געשען ערשט דערנאָך".

„פּעדריקאָ גיט אַכטונג אויפֿן שיפֿל און די זאַכן. וואָס ווילט איר, זאָל מען טאָן מיטן קאָפּ?"

„פּעדריקאָ מעג אים צעשנײַדן און נוצן פֿאַר לאָקערשפּײַז".

„און דעם שפּיז?"

„דעם שפּיז מעגסטו נעמען, אויב דו ווילסט".

# דער אַלטער
# און
# דער ים

„איך וויל,“ האָט דאָס ייִנגל געזאָגט. „איצטער מוזן מיר מאַכן פּלענער וועגן די אַנדערע זאַכן“.

„האָט מען מיך אַרומגעזוכט ?“

„אַוודאי. מיט שיפֿן און עראָפּלאַנען“.

„דער ים איז זייער גרויס און אַ שיפֿל איז צו קליין, מען זאָל עס אַרויסזען,“ האָט דער אַלטער געזאָגט. ער האָט איינגעזען, ווי אָנגענעם עס איז, ווען מען האָט צו וועמען צו רעדן אַנשטאָט צו רעדן צו זיך אַליין און צום ים. „איך האָב געבענקט נאָך דיר,“ האָט ער געזאָגט. „וואָס האָסטו געכאַפּט ?“

„דעם ערשטן טאָג — איינעם ; איינעם דעם צווייטן און צוויי דעם דריטן“.

„זייער גוט“.

„איצטער וועלן מיר ווידער כאַפּן פֿיש צוזאַמען“.

„ניין, איך בין ניט מזלדיק. איך בין שוין מער ניט מזלדיק“.

„אין דר'ערד מיטן מזל“, האָט דאָס ייִנגל געזאָגט. „איך וועל ברענגען דאָס מזל מיט מיר“.

„וואָס וועלן דײַנע עלטערן זאָגן ?“

„עס אַרט מיך ניט. כ'האָב נעכטן געכאַפּט צוויי שטיק. נאָר מיר וועלן זײַן צוזאַמען, ווײַל איך האָב נאָך אַ סך צו לערנען“.

„מיר מוזן קריגן אַ גוטן לאַנצעט און אים שטענדיק האַלטן אויפֿן

## ערנעסט
## העמינגוועי

שיפֿל. מען קען מאַכן די שאַרף פֿון אַ שפּרינגפֿעדער פֿון אַן אַלטן פֿערד. ער מוז זײַן גאָר שאַרף. מײַן מעסער איז צעבראָכן״.

״איך וועל קריגן אַן אַנדער מעסער און זען, אַז מיר זאָלן אויך האָבן אַ לאַנצעט. וויפֿל טעג שטאַרקן ווינט האָבן מיר נאָך?״

״אפֿשר דרײַ, אפֿשר מער״.

״איך וועל אַלץ האָבן גרייט״, האָט דאָס ייִנגל געזאָגט. ״איר זעט נאָר אויסצוהיילן די הענט״.

״איך ווייס וואָס צו טאָן מיט זיי, בײַ נאַכט האָב איך אויסגעשפּיגן עפּעס אַ מאָדנע זאַך און געפֿילט, ווי דער ברוסטקאַסטן איז מיר אײַנ־געפֿאַלן״.

״אויף דעם מוזט איר אויך אַכטונג געבן און אויסהיילן״, האָט דאָס ייִנגל געזאָגט. ״לייגט זיך אַוועק, אַלטיטשקער, און איך וועל אײַך ברענגען אַ ריין העמד און עפּעס צום עסן״.

״ברענג די צײַטונגען פֿון דער צײַט וואָס איך בין ניט געווען הי״, האָט דער אַלטער געזאָגט.

״איר מוזט גיך געזונט ווערן, ווײַל איך האָב אַ סך צו לערנען און איר קענט מיך אַלץ אויסלערנען. האָט איר געהאַט אַ סך אויסצו־שטיין? האָט איר אַ סך געליטן?״

״גאָר אַ סך״, האָט דער אַלטער געזאָגט.

״איך וועל ברענגען דאָס עסן און די צײַטונגען״, האָט דאָס ייִנגל געזאָגט. ״רוט זיך גוט אויס, אַלטיטשקער. איך וועל עפּעס ברענגען פֿון דער אַפּטייק פֿאַר די הענט״.

# דער אַלטער
# און
# דער ים

„פֿאַרגעס ניט צו זאָגן פעדריקאָן, אַז דער קאָפּ איז זײַנער".

„ניין. איך וועל געדענקען".

ווען דאָס ייִנגל איז אַרויס פֿון דער טיר און גענומען אַרונטערגיין דעם אַלטן קאָראַל־שטיינערנעם וועג, האָט ער זיך ווידער צעוויינט.

יענעם נאָכמיטאָג איז אויף דער טעראַסע געווען אַ גרופּע טור־ריסטן, און אַראָפּקוקנדיק צום וואַסער צווישן די ליידיקע בירקענד־לעך און טויטע באַראַקודאַס, האָט אַ פֿרוי געזען אַ גרויסן לאַנגן רוקנ־ביין מיט אַ ריזיקן עק, וואָס האָט זיך געהויבן און זיך באַוועגט מיט די כוואַליעס, וואָס זענען געשטויסן געוואָרן פֿון שווערן מזרח־ווינט.

„וואָס איז דאָס?" האָט זי געפֿרעגט בײַם קעלנער און אָנגעוויזן אויפֿן לאַנגן רוקנביין פֿון דעם גרויסן פֿיש, וואָס איז ניט געווען מער ווי אָפּפֿאַל, וואָס וואַרט אָוועקגעטראָגן צו ווערן מיט די כוואַליעס.

„טיבוראָן", האָט דער קעלנער געזאָגט, „עשאַרק". ער האָט איר געוואָלט קלאָר מאַכן, וואָס ס'איז געשען.

„איך האָב ניט געוווּסט, אַז די הײַפֿיש האָבן אַזעלכע שיין געפֿורעמ־טע עקן", האָט די פֿרוי געזאָגט.

„איך אויך ניט", האָט איר באַגלייטער צוגעגעבן.

אין זײַן שטיבל איז דער אַלטער ווידער געשלאָפֿן. ער איז נאָך אַלץ געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ, און דאָס ייִנגל איז געזעסן לעבן אים און אַכטונג געגעבן אויף אים. דער אַלטער האָט געחלומט פֿון די לייבן.

